# כֶּתֶר תּוֹרָה

## גְּמָרָא מִיט טַיְיטְשׁ

אִיבֶּר צְווֵייא הוּנְדֶרְט זַאכֶן אוֹיס
דֶער הֵיילִיגֶי גְּמָרָא אוּנ פוּן דֶעם
מֶדְרָשׁ גַאנְץ קְלָאר אוּנ רֵיין פַאר
טַייטְשׁט אוּנ שֵׁיינִי מְשָׁלִים דְּרוֹיף •
לוֹיטֶר שֵׂכֶל אוּנ גְרוֹס חָכְמָה •

# Keter Tora

Verfasser und Verleger

***A. M. Mohr.***

*(Nachdruck wird vorbehalten.)*

Lemberg 1863.
Druck von S. L. Kugel, Lewin et Comp.

# עטליכע נייטיגע ווערטר

דיא הײליגי גְמָרָא אונ דר מֶדְרָשׁ זֶענֶען פול
ווײטֶר חָכְמָה · אָבֶר נושְׁט איטליכר איז אַלַמְדָן
ער זָאל קֶענֶן לֶערְנֶן דְרינֶן · עס וויל אָבֶר דָאךְ
יֶעדֶר יוּד ער זָאל זיךְ קֶענֶן אַמָאל אָן רוּפֶן
צְווישֶׁן מֶענְשֶׁן מיט אַגְמָרָא וֶוערְטֶל · אונ עס
איז מַאכִי זַייער שֵׁיין אַז מֶען קָאן דָאס · איבר
דֶעם הָאבּ איךְ אויסגֶנְקליבֶּן זָאלְכֵי זַאבֶן פון
אונזֶרי הײליגי חֲכָמִים וָואס זַייא נוּצֶן זַיין ער
אָפְּט אין לֶעבֶּן · זַייא גִיבֶּן דֶעם מֶענְשׁ שֵׁין
וויא אַזוֹ ער זָאל זיךְ פיהֶרֶן : אונ ער הָאט דָאס
זַייא גְרוֹס כָּבוֹד וֶוען ער רוּפְט זיךְ דֶער מיט
אין אַגֶזֶעלְשַׁאפְט :

אָזְנַיִם לְדֶרֶךְ אָזְנַיִם לְכוֹתֶל • (מדרש ויקרא רבה פל"ג)

דֶר וֶועג הָאט אוֹעֶרֶן • דוּא וַואנְד הָאט אוֹעֶרֶן • מֶען מוּז זוּךְ שְׁטַארְק הוּטֶן נוּשְׁט צוּ רֶעדֶן אַזוֹנִי וֶוערְטֶר וָוס מֶען טָאר נוּשְׁט • אפילוּ נוּשְׁט אוֹיף אַוֶועג וָוס מֶען זֶעהט דָארְט קַיין אֵיינְצִיגֶן מֶענְשׁ נוּשְׁט • אָדֶר אוּנ זַיין אֵייגֶנוּ שְׁטוּב וָואס קַיין שׁוּם פְרֶעמְדֶר אוּז נוּשְׁט דָא • וָוארֶן מוּקְען גָאר נוּט וִויסֶן וִויא אַרוּם עֶס קָאן אַרוֹיס קוּמֶן • אוּנ עֶס הָאט זוּךְ שׁוֹין זַייעֶר פוּל מָאל גֶטְרָאפֶן אַז מֶענְשֶׁן זֶענֶן אוּמגְלוּקְלֶךְ גְוָוארֶן דָארְךְ דֶעם וָואס זֵיי הָאבֶן אַרוֹיס גְרֶעט גֶפֶעהְרלִיכֵי וֶוערְטֶר וָואס זֵייא הָאבֶן גְמֵיינְט אַז קֵיינֶער הֶערְט עֶס נוּשְׁט :

אַזְלַת לְקַרְתָּא הַלֵּךְ בִּנְמוּכָה • (בראשית רבה פמ"ג)

קוּמְסְטוּ אוּנ שְׁטָאט אַרַיין פוּהְר דוּךְ וִויא אוּר מְנַהֵג אוּז • אַז דֶר מֶענְשׁ וִויל דוּ וֶועלְט זָאל

אוּם

אום לוב הָאבּון אונ מוּזָאל אויס אום נוּשְׁט לַאכֶן
מוּז עֶר זוּךְ פוּהְרֶן אַזוֹ ווִי דוּ מֶענְשֶׁן וָואס עֶר
אוּז צְווִישֶׁן זַיי ׃ גֵייאֶן דוּ מֶענְשֶׁן אונ שְׁוַוארְצוּ
קְלֵיידֶר ׃ טָארְסְטוּ נוּשְׁט גֵיין אָנְגְטוּאֶן אונ אֵיין
אַנְדְרוּ פַּארְבּ ׃ קוּמְסְטוּ אונ שׁוּל אַרַיין אונ זֶעהְסְט
דַאוֶוענֶן מִנְהַג סְפָרַד ׃ חָאטְשׁוּ דוּ דַאוִונְסְט תָּמִיד
מִנְהַג אַשְׁכְּנַז ׃ מוּזְטוּ דָא דַאוֶונוּן גְלֵייךְ מוּט דֶם
עוֹלָם מִנְהַג סְפָרַד ׃ לֵייגְט זוּךְ דֶר עוֹלָם צוּנַאנְד
נְדָבוֹת אוּיף אַזַאךְ וָום עֶס אוּז אַנַארִישְׁקֵייט אונ
דַיינוּ אוּיגֶן ׃ מוּזְטוּ אוּיךְ גֶעבּן אַנְדָבָה אונ
טָארְסְט נוּט זָאגֶן אוּךְ וויל נוּשְׁט גֶעבֶּן וָוארֶן עֶס
גְפֶעלְט מוּר נוּשְׁט ׃ ווִידֶר אַז מֶענְשׁוּן טוּאֶן אַזַאךְ
נוּשְׁט ׃ חָאטְשׁוּ דוּ וֵוייסְט אַז מֶען מֶעג עֶס טוּאֶן
טָארְסְטוּ עֶס נוּט טוּאֶן קָארְץ אַז דֶר מֶענְשׁ ווִיל
מוּזָאל פוּן אוּם נוּשְׁט רֶעדֶן אונ עֶר זָאל קֵיין
שׂוֹנְאִים נוּשְׁט הָאבּוּן מוּז עֶר אונ יֶעדֶר זַאךְ גְלֵייךְ
זַיין מוּט דֶעם עוֹלָם ׃ דוּ גְמָרָא מַאכְט דְרוּיף
זֵייעֶר אַשַׁיינוּ בַּמֶעְרְקוּנְג ׃ לְעוֹלָם אַל יְשַׁנֶה אָדָם

מִן הַמִנְהָג׃ דֶר מֶענְש זָאל קֵיינְמָאל נוט אַנְדֶרְש טוּאֶן ווי דֶר מִנְהַג אוּז׃ שֶׁהֲרֵי משֶׁה עָלָה לַמָרוֹם וְלֹא אָכַל לֶחֶם׃ מוּר זֶעהְן אַז משֶׁה רַבֵּינוּ אוּז פֶערְצוּג טָאג אוּנ הוּמֶל גִיוֶועְן אוּנ הָט נוּט גֶגֶעסֶן ווייל קֵיינֶר עֶסְט דָארְט נוּשְׁט׃ וּמַלְאָכִים יָרְדוּ לְמַטָה וְאָכְלוּ׃ אוּנ ווִידֶר דוּא מַלְאָכִים וֶועְן זֵייא זֶענוּן גְקוּמֶן צוּ אַבְרָהָם אָבִינוּ הָאבֶּן זֵיי זוּך גוּמַאכְט גְלַייך זֵיי עֶסוּן וֵוייל אַלוּ מֶענְשֶׁן עֶסן׃ אַדְחָלָא אַכַּרְעָך זְבִינָך זְבִין׃ (פסחים קיג א׳)

וֶוען דָאס זַאמְט אוּז נָאך אוּיף דַיינוּ פּוּס פַּרְקוּיף דוּ סְחוֹרָה׃ אַז דוּ בְּרֶענְגְסט סְחוֹרָה אוּז דֶם בֶּעסְטוּ דוּ זָאלְסְט זוּא גִישְׁווִינְד פַרְקוּיפֶן וֶוען זוּא אוּז נָאך חָשׁוּב. אוּנ ווָס פַּר אַמֶקַח דוּ ווֶעסְט פַר אוּר תְּחִלַת נֶעמוּן אוּז אַלְיץ גוּט׃ וָוארֶן ווי בַּאלְד דוּ הַאלְטְסְט דוּךְמוּט אוּר לַאנְג אוּנ אטְלֶכֶר קוּנֶה וֵוייסְט שוּן פוּן אוּר וִוירְד זוּא מְבוּזֶה׃ אוּנ דוּ מוּזְט זוּא וָואלְוול פַרְקוּיפֶן׃

## אוֹי לְרָשָׁע אוֹי לִשְׁכֵנוֹ (סוכה נ״ו ה׳)

ווייא אוז דעם רָשָׁע ווייא אוז צו זיין
שָׁכֵן. למשל דו וואונסט נעבן אשלעכטן מענש
זיין הויז הייבט אן צו ברענן. קיינר וויל עס
נוט ראטווין ווארן איטליכר הט אום פיינד דארף
דעם חאפט זוך דיין הויז אויך אן אונ עס ווירד
אבגברענט דארך דעם גילדנם שָׁכֵן. ער האט
ביי זוך אגניבה אונ ווי ער דר הערט אז עס קומט
אן ארעוויזיא ווארפט ער זוא צו דור אונ הוף
ארײן. דו רעוויזיא גפונט זוא בייא דור אונ
מוהאלט דוך פר דם גנב. אובר דם מוז מען
זוך הוטן נושט צו וואונן נעבן אשלעכטן מענש
אונ נושט קיין חבר צו זיין מוט ארָשָׁע. ווארן
דארך דעם בקומט מען אשלעכטן שם. אונ
ווי באלד מען זעהט דוך אומגיין מוט ארָשָׁע.
מעגסטו זיין דר גרעסטר צדיק האלט מען דוך
פר ארָשָׁע. אונ אז מען בקומט הם רָשָׁע בייא
איין

אֵיין שְׁלֶעכטוּזַאךְ אִיז מֶען דוּךְ חוֹשֵׁד אַז הוּא בּוּזְט אוֹיךְ דְרוֹנֶן פַר ווִיקְלְט ׳ אוּנ עס הָט אַמָאל אַחְכָם צוּ אֵיינֶם גְזָאגְט ׳ זאג מוּר מוּט ווֶעמָן דוּ גֵייסְט אוּם ווֶעל אוּךְ דוּר זָאגֶן ווָס פַר אַמֶענְשׁ דוּ בּוּסְט ׳

אִי חַקְלָאִי מַלְכָּא לִיהֱוִי דִיכוּלָא מִצַוְרֵיה לָא נָחִית (מגלה ז׳ ג׳) ׳

אַז דֶר פּוּיאֶר ווִירְד אַפִּילוּ אֶקֶענוּג לָאִזְט עֶר דֶעם קוּבֵּר נוּשְׁט אָרָפּ פוּנְדֶמהַלְז דֶר גְמֵיינֶר מֶענְשׁ בְּלַייבְּט תָּמִיד גְרָאבּ ׳ אוּנ אַפִּילוּ עֶר קוּמְט אוֹיף אוּנ ווִירְד אַגְרוֹסֶר עוֹשֶׁר בְּלַייבְּט אוּנְאוּהם ווַייטֶר דָאס גְרָאבְּקֵייט אוּנ עֶר קָאן זוּךְ דֶר פוּן נוּשְׁט אָפְּגְווֵיינֶן ׳

אֵין עָנִי אֶלָּא בְּדֵעָה (נדרים מ״ד ה׳) ׳

אָרוּם הֵייסְט נָאר דֶר ווָס עֶר הָט קֵיין ווִיסְן שַׁאפְּט נוּשְׁט ׳ אַמֶענְשׁ ווָס עֶר הָאט גְלֶערְנְט ׳

חָאטְשׁוּ עֶר הָט קיין גָעלְד נוּשְׁט אוּז עֶר דָאךְ נוּט אָרוּם • ווָארְן עֶר קָאן זוּךְ מוּט דֶם לֶערְנֶן פַר דִיהֶנֶן אוּנ אִיטְלְכֶר הָט פַר אוּם דֶרֶךְ אֶרֶץ • אָבֶר אַגְרָאבֶּר יוּנְג אַז עֶר הָט קיין גָעלְד נוּשְׁט • אוּז עֶר טַאקִי אָרעְכְטֶר אָרוּמַאן אוּנ קיינר קוּקְט זוּךְ אוֹיף אוּם גָאר נוּשְׁט אוּם ׃

עֶס אוּז אַמָאל גְפָארן אַגְרוֹסֶר חָכָם אוּנ אַשׁוּף מוּט אוּם זֶענוּן גְפָארן אַסַךְ גְרוֹסוּ סוֹחְרִים• זֵיי הָאבּוּן אוּם בַּשְׁטֶענְדוּג גְנֶעקְט אוּנ הָאבְּן אוּם גִיפְרֶעגְט וָוס פַר אַסְחוֹרָה עֶר פוּרְט • עֶר הָט אָבֶר גְשְׁווִיגֶן • אַיינְמָאל אוּז גִיוָוארֶן אַגְרוֹסֶר שְׁטָארֶם אוֹיף דֶם יַם • אוּנ מֶען הָט גְזֶעהְן אַז דוּא שׁוּף גֵייט אוּנטֶער אַלוּ הָבֶּן גְשְׁרִיגֶן אוּנ גִיוַויינְט אוּנ הָבֶן גָר נוּט גֶווִיסְט וָוס עֶס טוּט זוּךְ מוּט זֵיי פַר גְרוֹס צַעַר• אָבֶּר דֶר חָכָם אוּז זוּךְ גְשְׁטַאנֶן גַאנְץ רוּהוּג אוּנ הָאט גָאט גְבֶּעטְן • דִי סוֹחֲרִים זָאגֶן צוּ אוּהְם פַאר

וָואס בִּיזְטוּ אַזוּ רוּהִיג • זֶעהְסְטוּ דֶען נִישְׁט אוּנ
וְוִס אַנְפַּאר מוּר זֶענֶן • עֶר עֶנְפֶּרְט זַיי • וָוס זָאל
אוּךְ מוּךְ שְׁרֶעקְן • מַיין סְחוֹרָה וֶועט דָאךְ נוּשְׁט
אוּנְטֶערְגֵיין אוּךְ הָב זוּא בַּיי מוּר אוּבֶּר דֶעם בֶּעט
אוּךְ נָאר גָאט עֶר זָאל מוּר שֶׁענְקְן דָאס לֶעבֶּן •
דוּ לַייט הָאבֶּן אוּם גֶהַאלְטֶן פַּר אַמְשׁוּגְנֶעם • דוּ
שׁוּף אוּז אוּנְטֶערגַאנְגֶן מוּט אַלוּ סְחוֹרוֹת • נָאר דוּ
מֶענְשֶׁן הָאבֶּן זוּךְ גְרַטוּוִיט אוּיף בְּרֶעטֶר אוּנ זֶענֶן צוּ
גְשְׁווִימֶן צוּ דֶר יַבָּשָׁה • זַיי זֶענֶן אַלוּ לֵיידוּג אוּנ בְּלוֹס
גְקוּמֶן אִין אַ גְרוֹסֶר שְׁטָאט אַרַיין • דֶר חָכָם אוּז
גְגַאנְגֶן אוּנ שׁוּל אַרַיין אוּנ הָט גְזָאגְט אַ דְרָשָׁה
דֶר עוֹלָם הָט זוּךְ פַּר וִוינְדֶערְט אוּבֶּר זַיין גְרוֹסִי
חָכְמָה • מֶען הָט אוּם גְרוֹס כָּבוֹד אָנְגְטוּאֶן • אוּנ
מוּהָאט אוּם שׁוֹן נוּשְׁט גְיוָואלְט אַוֶועק לָאזְן
עֶר אוּז דָארְט גְבְלִיבְּן אוּנ אוּז גְיוָוארֶן אַ גְרוֹסֶר
עוֹשֶׁר • אָבֶּר אוּיף דוּ אָרוּמוּ סוֹחֲרִים הָאט זוּךְ
קַיינֶר נוּשְׁט אוּמְגוּקוּקְט • זַיי הָאבֶּן גְמוּזְט גֵיין
בֶּעטְלֶן • אוּנ הָאבֶּן גְזֶעהְן אַז תּוֹרָה אוּז דוּא

בְּעֶסְטוּ סְחוֹרָה ׃

עֶס קוּמְט אַמָאל אַגְרוֹסֶר לַמְדָן צוּ פָאהְרֶן צוּ אַגְרֶענוּץ ׃ דֶר אַיין נֶעמֶר זָאגְט צוּ אוּם ׃ יוּד שְׁפִּיצְבּוּבּ דוּא ווִילְסְט גְוִוים סְחוֹרָה אַרַיין פֶּעקְלוֹן זָאג דוּ וַוארְהַייט ׃ עֶר עֶנְפֶרְט אוּם יָא גְנֶדִיגֶר הֶער אוּךְ הָבּ בַּיי מוּר טַייאֶרִי סְחוֹרָה ׃ דֶר אַיין נֶעמֶר דֶר פְרֵייט זוּךְ אוּנ זָאגְט ׃ גוּט אוּךְ הָאבּ גְחַאפּט אַקְאנְטְרִיבַּאנְט ׃ וַוייז אַהֶער דוּ סְחוֹרָה דֶר לַמְדָן עֶנְפֶרְט אוּם אָבֶּר אוּךְ הָאבּ מוֹרָא דוּ וֶועסְט אוּיף דֶר סְחוֹרָה קַיין מֵבִין נוּשְׁט זַיין ׃ דֶר בֶּעאַמְטֶר בַּייזֶערְט זוּךְ אוּיף אוּם אוּנ זָאגְט גוּבּ נָאר אַהֶער דוּ סְחוֹרָה ׃ דֶר לַמְדָן עֶנְפֶרְט אוּם אָבֶּר אוּנ גְלֶעכְטֶר ׃ אוּךְ הָבּ בַּיי מוּר תּוֹרָה אוּנ חָכְמָה ׃ דָם אוּז אַסְחוֹרֶה וָוס דוּ פַרְשְׁטֵייסְט דוּךְ דְרוּיף נוּשְׁט אוּנ זוּא אוּז פְרַייא פוּן מֶכֶס ׃

אֵין שָׁלִיחַ לִדְבַר עֲבֵירָה (בבא קמא ע״ב א) ׃

מֶען טָאר קַיין שָׁלִיחַ נוּשְׁט זַיין אַשְׁלֶעכְטִי

זאך

זַאךְ צוּ טוּאֶן אַז אֵיינֶר שׁוֹקְט דוּךְ עֶפּוּס טוּאֶן מוּזְטוּ דוּר אוּבֶּרלֵייגֶן מוּט דַיין אֵייגֶנֶם שֵׂכֶל אוֹב דָאס אוּז רֶעכְט צוּ טוּאֶן. וָוארֶן אַז עֶס אוּז אַזאךְ וָוס מֶען טָאר נוּשְׁט טוּאֶן וֶועסְטוּ דוּךְ נוּשְׁט קֶענֶן פַרעֶנְפֶרֶן מוּט דֶעם וָואס דוּא וֶועסְט זָאגֶן יֶענֶר הָאט מוּךְ גְהֵייסֶן. יֶענֶר מֶעג דוּךְ הֵייסֶן וָואס עֶר וִויל אָבֶּר דוּ טָארְסְט אוּם נוּשְׁט פָאלְגֶן נָאר וָוס רֶעכְט אוּז:

אֵין אָדָם נוֹקֵף אֶצְבָּעוֹ מִלְמַטָּה אֶלָּא אִם כֵּן מַכְרִיזִין עָלָיו מִלְמַעְלָה (חולין ז׳ ב׳).

דֶר מֶענְשׁ גוּט זוּךְ נוּשְׁט אַשְׁטָאךְ אוּנ פוּנְגֶר בִּוז מֶען רוּפְט עֶס פְרוּהֶר נוּשְׁט אוֹים אוּנ הוּמֶל. עֶס אוּז קֵיין אֵיינְצִיגוּ זַאךְ נוּשְׁט אוּנ דֶר וֶועלְט אָן גָאטְס וִוילֶן אוּנ אֲפִילוּ דוּ מִינְדֶסְטִי קְלֵיינוּקֵייט. לְמָשָׁל אֵיין קְלַאפּ אוּנ פוּנְגֶר. קָאן אַנְדֶרְשׁ נוּשְׁט זַיין סַיידֶן גָאט הָאט עֶס פְרוּר אָן גְשְׁרִיבֶּן אוּנ הוּמֶל:

אסתירא

**אִסְתִּירָא בִּלְגִינָא קִישׁ קִישׁ קַרְיָא** (ב"מ פ"ח ב') :

אַז אַיין אֵיינְצִיגֶר גְרַייצֶר לוּגְט אוּנ אַקרוּגֶל מַאכְט עֶר אַגְרוֹס גְשְׁרַייא . אַלַמְדָן אָדֶר אַחָכָם בַּרוּמְט זוּךְ גָאר נוּשְׁט מוּט דֶם וָוס עֶר קָאן . אָבֶּר אַפְּרָאסְטַק וִוי בַּאלְד עֶר הָט עֶפּוּס גְלֶערְנְט . שְׁרַייט עֶס אוּיס אוּהסַבְּשְׁטֶענְדוּג אַרוּיס . אוּנ עֶר רֶעט זוּךְ אַיין אַז קֵיינֶר אוּז אוּהם נוּשְׁט גְלַייךְ . אַקְרַאט וִוי דָאס גֶעלְד . אַפִּילֶר בַּייטֶל מוּט רֶענְדֶלֶךְ מֶעגְסְטוּ שָׁאקְלֶן וִוי שְׁטַארְק דוּא ווּילְסְט . הֶערְט מֶען אַלְץ נוּשְׁט דוּ רֶענְדְלוּךְ . אָבֶּר ווִיא בַּאלְד אַיין אֵיינְצִיגֶר גְרַייצֶר לוּגְט אוּנ אַקְרוּגֶל אוֹדֶר אַבְּלֶעכֶרְנִי קָארְט . וֶוען דוּא רוּרְהְסְט עֶס נָאר מוּט דֶר הַאנְד . קְלַאפְּט דֶער גְרַייצֶר אוּנ מַאכְט אַגְשְׁרַייא :

**אִתְּתָךְ גוּצָא גְחִין וּלְחִישׁ לָהּ** (ב"מ נ"ט א') .

אַז דַיין ווַייבּ אוּז גַאנְץ קְלֵיין בֵּייג דוּךְ אַרָאפ

אַרָאפּ אונ רוים אור אונ אוֶער אַריין · דר מַאן
זָאל קיין שום זַאך נושְׁט טוּאָן בוז עֶר הֶערְט נושְׁט
דֶעם וַוייבְּס עֵצָה · אונ אַפילו זוא אוז נושְׁט קְלוּג
מוּז עֶר זוּך אַלֵיְן מוּט אוּר בַּרָאטֶן · וָוארֶן דוּא
וַוייבֶּר אוּבֶּרלֵייגֶן זוּך אִיטְלְכִי זַאךְ זֵייעֶר שְׁטַארְק
אונ פְּלוּאֶן נושְׁט צוּ שְׁטַארק : אונ חוּץ דֶעם וֶוער
נָאךְ אוז אַזוֹ גְטרַיי דֶעם מַאן וּויא דָס וַוייבּ · פַּר
וֶועמֶז קָאן מֶען זוּךְ אַזוֹ דָאס גַאנְצוּ הַארְץ אוּיס
רֶעדֶן וּוי פַר דֶם וַוייבּ אונ וֶוער אוּז נָאךְ אַזוֹ קְלָאר
אונ זַיין גַאנְצֶן שְׁטַאנְד וּוי דָאס וַוייבּ אוּבֶּר דֶם
אוּז אוּר עֵצָה דוּ בֶּעסְטוּ :

אִם הָרַב דוֹמֶה לְמַלְאָךְ יְיָ צְבָאוֹת יְבַקְשׁוּ
תּוֹרָה מִפִּיהוּ וְאִם לַאו אַל יְבַקְשׁוּ מִפִּיהוּ ·
(מועד קטן ט"ו ב')

אוּז דֶר רֶבִּי גְלַייךְ צוּ אַמַלְאָךְ זָאלְסְטוּ צוּ
הֶערֶן זַיין תּוֹרָה וָוס עֶר וֶועט דוּר זָאגֶן אָבֶּר וֶוען
נוּט זָאלְסְטוּ זַיין תּוֹרָה גָאר נושְׁט הֶערֶן ·

אונ

אונ אַסֵפֶר מֶעגְסְטוּ לֶערְנֶן עֶס מֶעג זַיין פוּן
וֶועמֶן עֶס וִויל · וָוארן אַז עֶס אִיז נָאר גוּט גֵייט
דוּךְ נוּשְׁט אָן וֶוער עֶס הָט גְמַאכְט · אָבֶר
צוּ לֶערְנוּן בֵּיי אֵיינֶם מִינְדְלִךְ אָדֶר צוּ הֶערֶן
אַדְרָשָׁה · מוּזְטוּ פְרוּר וִויסֶן אוֹב עֶר אִיז וִוייא
אַמַלְאָךְ · דָם הֵייסְט קְלוּג אוּנ גוּט אוּנ פְרוּם ·
וָוארֶן אַז עֶס פֶעלְט אוּהַסאֵיינְם פוּנְדוּ דְרֵיי · קֶענֶן
דוּר זַיינוּ וֶוערְטֶר זַיֶיעֶר פוּל שַׁאטֶן ·

אֵין חָבוּשׁ מַתִּיר עַצְמוֹ מִבֵּית הָאֲסוּרִים (ברכות ה ב׳) ·

דֶר גְבוּנְדֶנֶר קָאן זוּךְ נוּשְׁט אַלֵיין בַּפְרַייאֶן
פוּן דֶר תְּפִיסָה ׃

דֶר מֶענְשׁ קָאן קֵיין שׁוּם זַאךְ נוּשְׁט טוּאָן
אַלֵיין · אוּנ אַפִילוּ אוּנ גְשֶׁעפְטְס זַאכֶן אִיז תָּמִיד
גוּט אַז מְהָאט אַמֶעקְלֶר · הָאט מֶען אַשְׁטְרֵייטִיקֵייט
מוּט אֵיינֶם אוּנ גֶעלְד זַאכֶנמוּז מֶנֶעמֶן אֵיין אַנְדֶרֶן
מֶענְשׁ עֶר זָאל אוּיס גְלַייכֶן צְווִישֶׁן זֵייא · וָוארֶן
וָוס דֶר מֶעקְלֶר אָדֶר דֶר בּוֹרֵר קָאן · דָאס קָאן
דר

דֶר מֶענְשׁ אַלֵיין נוּשְׁט ׃

**אֵין אָדָם מְשַׁטֶּה בִּשְׁעַת מִיתָה** (בבא בתרא קע״ה א)

פַּר דֶעם טוֹט רֶעט דֶר מֶענְשׁ קֵיין נַארִישְׁקֵייט נוּשְׁט ׳ אַז אַמֶענְשׁ זָאגְט עֶפּוּס פַּר דֶעם טוֹט ׳ מֵיינְט עֶר עֶס גְוִויס גַאנְץ עֶרְנְצְט וָוארֶן דֶעמָאלְט גְלוּסְט זוּךְ אוּם נוּשְׁט לִיגְנְט צוּ זָאגֶן אוּנ גְשְׁפֶּעט צוּ טְרַייבְּן אוּבֶּר דֶעם אוּז רֶעכְט דֶר מֶענְשׁ זָאל תָּמִיד רֶעדְן לוּיטֶר אֱמֶת ׳ עֶר זָאל זוּךְ נוּשְׁט נַארִישׁ מַאכֶן מוּט פַאלְשִׁי רֵייד עֶר זָאל קֵיין לוּגְנְט נוּשְׁט זָאגֶן עֶר זָאל נוּשְׁט רֶעדְן קֵיין לֵיצָנוּת אוּנ עֶר זָאל זוּךְ שְׁטַארְק אוּבֶּרלֵייגְן אֵיידֶר עֶר זָאגְט דָאס וָוארְט אַרוֹיס וָוארֶן עֶס וֵייסְט דָאךְ קֵיינֶר נוּשְׁט וֶוען עֶר וֶועט שְׁטַארְבֶּן אוּנ אוּבֶּר דֶם מוּז דֶר מֶענְשׁ זוּךְ תָּמִיד טְרַאכְטֶן אֶפְשַׁר אוּז עֶר צוּנְד פַּר דֶם טוֹט ׃

**אֵין הַבְּרָכָה מְצוּיָה אֶלָא בְּדָבָר הַכָּמוּי מִן הָעַיִן** (תענית ח׳ א׳) ׳

דו בְּרָכָה קָאן נָאר זַיין אִין אַזאך וָואס זיא אוז פַרשְׁטֶעלְט פַר דֶעם אויג ׃ אַז מֶען הַאנְדֶלְט מוט זָאלְכוּ זַאכֶן וָוס . אוּטְלְכֶר וֵוייסְט וָוס זֵייא קָאסְטֶן ׃ קָאן דְרִינֶן קֵיין בְּרָכָה נוּשְׁט זַיין וָוארֶן דֶר קוֹנֶה בַּרֶעכֶנְט עֶס אַקְרַאט אוּנ מֶען קָאנְדֶר בַּיי נוּשְׁט פוּהְל פַרְדִיהְנֶן ׃ אוּבֶר דֶעם אוּז דָאס בֶּעסְטוּ צוּ הָאבֶּן זָאלְכוּ גְשֶׁעפְטֶן וָואס יֶענֶר קָאן מוּך נוּשְׁט אוּבֶר קוּקֶן אוּנ עֶר וֵוייסְט נוּשְׁט וִוי פוּהְל אוּך פַרְדִיהְן ׃ דָא קָאן שׁוֹן דוּא בְּרָכָה זַיין ׃

אַל תִּכָּנֵס לְבֵיתְךָ פִּתְאוֹם כָּל שֶׁכֵּן לְבֵית חֲבֵרְךָ (סנת י׳ ג׳) ·

עֶס אוּז נוּשְׁט רֶעכְט בַּיי דוּר אוּנ דַיין אֵייגְנוּ וָואנוּנְג דוּ זָאלְסְט פְּלִיצוּנְג אַרַיין קוּמֶן ׃ מִכָּל שֶׁכֵּן אַז עֶס אוּז נוּשְׁט רֶעכְט צוּ אַיין אַנְדֶרֶן אוּנ שְׁטוּב אַרַיין פְּלוּצְוּנְג צוּ קוּמֶן ׃ דֶר דֶרֶךְ אֶרֶץ אוּז אַפִּילוּ בַּיי זוּך אוּנ דֶר הֵיים נוּשְׁט פְּלוּצוּנְג אַרַיינְצוּ קוּמֶנְנָאר פְּרוּר אָן צוּ קְלַאפֶּן ׃ וָוארֶן

טאמר

טָאמֶר טוּט עֶמִיצָר פוּן זַיינֶר הוֹיז לַייט עֶפּוּס אַזַאךְ וָוס עֶר שֶׁעמְט זוּךְ פַאר אוּהְם ׃ אוּבֶּרהוֹיפְּט אַז מֶען קוּמְט צוּ אַפְרֶעמְדֶן ׃ מוּז מֶן פְרוּר אָן קְלַאפְּן אוּנ דֶר טוּר ׃ יֶענֶר זָאל זוּךְ רֶעכְטֶן אַז עֶס קוּמְט עֶמִיצָר אָן ׃ וָוארֶן טָאמֶר גֵייט עֶר נוּשְׁט אָרנְטְלִיךְ אָן גְטוּאֶן אוּנ שֶׁעמְט זוּךְ פַאר דוּר אָדֶר עֶר שְׁרַייבְּט אַבְּרוּף אָדֶר עֶר טוּט עֶפּוּס אַנְדֶרְשׁ וָוס עֶר וִויל נוּשְׁט דוּ זָלְסְט וִויסֶן ׃

אֵין אָדָם נֶחְשַׁד עַל דָבָר עֲבֵירָה אֶלָא אִם כֵּן עָשְׂאָה ׃ לֹא עָשְׂאָה כּוּלָה עָשְׂאָה מִקְצָתָהּ לֹא עָשְׂאָה מִקְצָתָהּ הִרְהֵר בְּלִבּוֹ לַעֲשׂוֹתָהּ ׃ לֹא הִרְהֵר בְּלִבּוֹ לַעֲשׂוֹתָהּ רָאָה אֲחֵרִים שֶׁעָשְׂאוּהָ וְשָׂמַח (מועד קטן י״ח ב׳)

מֶען אוּז קֵיין שׁוּם מֶענְשׁ נוּשְׁט חוֹשֵׁד אוּיף אַזַאךְ סַיידֶן עֶר הָט זוּא גְטוּאֶן הָאט עֶר נוּשְׁט גַאנְץ גְטוּאֶן הָט עֶר ווֵיינִיגְסְטְנְס עֶפּוּס דֶר פוּן גְטוּאֶן ׃ הָט עֶר גָאר נוּט גְטוּאִין הָט עֶר וֵוינִיגְסְטְנְס

אִין זִין גְהָאט צוּ טוּאִין הָט עֶר עֶס נוּשְׁט אוּנ זִין
גְהַאט צוּ טוּאֶן. הָט עֶר וֵויינִיגסְטְנְס גְזֶעהְווי אַנְדְרוּ
מֶענְשֶׁן הָאבֶּן עֶס גְטוּאֶן אוּנ עֶר הָט דֶר פוּן הֲנָאָה
גְהַאט . דוּ וֶועלט אוּז נוּשְׁט מְשׁוּגָע . אוּנ וִוי
בַּאלְד מֶען אוּז אֵיינֶם חוֹשֵׁד אַז עֶר הָט אַשְׁלֶעכְטוּ
זַאךְ גְטוּאֶן . אוּז עֶר זֶעכֶר נוּשְׁט רֵיין דֶער פוּן
וָוארן אַגַאנְץ עֶרְלִיכֶן מַאן אוּז מֶען נוּשְׁט חוֹשֵׁד
לְמָשָׁל עֶס אוּז גְשֶׁעהְן אַגְנֵבָה אוּנ מֶען אוּז אַיינֶם
חוֹשֵׁד דֶר מוּט . מוּז עֶר גְווִיס זַיין אַזוֹ אַמֶענְשׁ
וָוס עֶר אוּז פֶּעהוּג דֶר צוּ . וָוארֶן אוּיף אֵיין
עֶרְלִיכֶן מַאן הֵייבְּט מֶען גָאר נוּט אָן אֵיין פֶּרְדַאכְט
צוּ הָאבֶּן . אוּנ וִוי בַּאלְד מֶען זָגְט נָאר אוּיף
אוּם . הָט עֶר עֶנְטְוֶועדֶר דוּ שְׁלֶעכְטוּ זַאךְ אוּנ
גַאנְצֶן גְטוּאֶן . אָדֶר עֶר הָט וֵויינִיגְסְטְנְס אוּיךְ
אַטֵייל דְרוּנֶן . אָדֶר עֶר טְרַאכְט תָּמִיד אַזוֹנִי
זַאכֶן צוּ טוּאֶן . אוּנ אַפִילוּ עֶר אוּז גָאר רֵיין דֶר
פוּן . וֵוייסְט מֶען וֵויינִגְסְטְנְס אַז עֶר הָט אַשְׁלֶעכְט
הָאֶרֶץ אוּנ עֶס אוּז אוּהְסְרֶעכְט וֶוען אַנְדְרוּ מֶענְשֶׁן
טוּאן

טואֶן אַזוֹנִי זַאכֶן ׃

## אַלְיָה וְקוֹץ בָּהּ (כלס הסגה י"ז ס׳)

אַפֶּעט שְׁטוּק פְלֵייש אָבֶר עֶס אִיז לוֹיטֶר בֵּיין ׳ דָאס אִיז אַוְועֶרְטל וְואס מֶען זָאגְט תָמִיד אוֹיף אַזַאךְ וְואס זוֹא אִיז מַאכוּ זֵייעֶר גוּט אָבֶר זוֹא הָאט אוּנ זוּךְ אַשְׁטַארְקֶן חִסָרוֹן ׳ אוּנ אַז מֶען וִויל נָאר גוּט בֶּטְרַאכְטֶן דוּא וֶועלְט קָאן מֶען דָאס זָאגֶן אוֹיף אַלִי גוּטוּ זַאכֶן אוּנ אוֹיף אַלִי תַּעֲנוּגִים ׳ וָוארֶן עֶס אִיז כֵיין אֵיינְצִוּג גִיטְס אוּנ כֵיין אֵיינְצִיגֶר תַּעֲנוּג ׳ וָוס הָט נִיט אִין זוּךְ אַגְרוֹסֶן חִסָרוֹן ׃ גֶעלְד אִיז דָאךְ בַּיי דֶם מֶענְש דָס גְרֶעסְטוּ גְרוּק אִין דֶר וֶועלְט ׳ וִוי פוּהְל מָאל וִוירְד אָבֶר דֶר מֶענְש אוּמְגְלִיקְלוּךְ דָארְךְ דֶעסגֶעלְד וִויא פוּהְל מֶענְשֶן הַרְגוּט מֶען וַוייל זֵייא הָאבְּן גֶעלְד ׳ עֶסֶן אוּנ טְרִינְקֶן אִיז דֶר גְרֶעסְטוּ תַּעֲנוּג אָבֶר וִויא פוּהְל מֶענְשֶׁן שְׁטַארְבְּן פַר דֶר צַייט

דארךְ

דָארךְ צוּ פוּהל עֶסֶן אוּנ טרוּנְקֶן ׃

# אֵיזֶה עָשִׁיר כָּל שֶׁיֵשׁ לוֹ נַחַת רוּחַ בְּעָשְׁרוֹ (סבת כ״ה ב׳) ׃

וֶוער אוּז אֵיין עוֹשֶׁר ׃ דֶר וָואס הָאט אַתַּעֲנוּג פוּן זַיין עַשִׁירוּת ׃ דָאס גֶעלְד אַלֵיין אוּז דָאךְ אֵייגֶנְטְלֶךְ אַגְרָאבּוּ זַאךְ וָואס דֶר פוּן אַלֵיין קָאן מֶען גָאר נִישְׁט גְנִיסֶן ׃ אוּנ אַז צְוֵוייא זֶענִין אִין אַמִדְבָּר · אֵיינֶר הָאט בַּייא זִיךְ אַשְׁטִיקִיל בְּרוֹט אוּנ אֵיינֶר הָאט טוֹיזֶנְד רֶענְדֶלֶךְ אוּז דֶער מוּט דֶם בְּרוֹט גְלִיקְלִיכֶר פוּן דֶם מוּט דוּא רֶענְדֶלֶךְ ׃ וָוארֶן מוּט דֶעם בְּרוֹט עֶסְט עֶר זוּךְ זַאט אָן ׃ אוּנ דֶר אַנְדֶרֶר שְׁטַארְבְּט פַר הוּנֶגר חָאטשׁוּ עֶר הָאט דוּא רֶענְדלוּךְ ׃ נָאר דוּ מַעֲלָה אוּז פוּן דֶם גֶעלְד אַז מֶען קָאן דֶר פַר אַלְדוּנְג בַּקוּמְן ׃ אוּנ דָם הֵייסְט רַייךְ וָוארֶן מֶהָאט פַר דֶעם גֶעלְד אַלְדוּנְג וָוס מֶען וויל

ווייל . ווער עס לאזט אבר דס געלט לוגן און בקומט גאר נושט דר פאר . דער איז נאך ארומר פון דם ארומאן . אכראט ווי יענר און דר מדבר ווס ער הט גאלד און שטארבט דאך פר הונגר . דס זאגט דא דו גמרא . איין עושר איז נאר דר ווס ער הט אתענוג פון דעם געלד . ער עסט און טרונקט ער פורט אשיין הויז ער אונטר שטיצט קרובים און גוט פוהיר צדקה . דר דאזיגר הט נחת פון דעם געלד און איז גליקליך . אבר ווער עס איז קארג און פרגונט זוך נושט דם לעבן און טוט קיינם קיין גוטס נושט מוט זיין געלד . דר מעג אפילו האבן מיליאנן איז ער דאך איין אביון :

אכול בצל ושב בצל ואל תיכול אוזים ותרנגולים ויהא לבך רודף עליך (פסחים ס׳ ק״י) .

עֶס צוּבֶלְס אוּנ זוּיץ רוּהוּג אוּנ שָׁאטֶן אוּנ עֶס נוּשְׁט גֶענְץ מוּט הִינֶר דָאס הָארֶץ זָאל דוּךְ שְׁטְרָאפֶּן • עֶס אוּז בֶּעסֶר צוּ עֶסֶן טְרִיקֶן בְּרוּט מוּט צִיבַּלְס פַּר דֶעם עֶרְלִיכֶן גְרַייצֶר אַבִּי צוּ זוּצֶן רוּהוּג וִוי אוּנְטֶר דֶעם שָׁאטֶן אוּנ דֶר הוּץ • אַיידֶר צוּ עֶסֶן הִינֶר אוּנ גֶענְז • אוּנ דָם הַארְץ זָאל אוּם פְּלָאגן אַז עֶר הָט עֶס נוּשְׁט עֶרְלוּךְ פַּרדוּנְט :

אַסְיָא דְמַגָן בְּמַגָן מַגָן שַׁוִי (נ״ק פ״ס ה)

אַדָאקְטֶר וָוס הַיילְט אוּמְזוּסְט אוּז נוּשְׁט מֶער וֶוערְט נָאר אוּמְזוּסְט • דָאס אוּז אַיין אַייבִּיגֶר כְּלַל אַז פַּר אַגוּטִי זַאךְ לָאזְט מֶען זוּךְ גוּט צָאלֶן • אוּנ דוּ זַאךְ וָוס אוּז וָואלְוִול אוּז גָאר נוּט וֶוערְט אוּנ דֶר הַאנְד אַריין צוּ נֶעמֶן • לְמָשָׁל אַזִילְבֶּרְנֶר לֶעפֶל קָאסְט זֶעקְס רַיינֶש • אוּנ אַבַּאקְפָּאנֶענֶר לֶעפֶל קָאסְט נָאר אַפֶּרְצִיגֶר • דֶר קֶענְן דוּיאֶרְט דֶר בּאקְפָּנֶענֶר לֶעפֶל הֶעכְסְטֶנס אַהַאלְב יָאר • דֶר נָאךְ אוּז עֶר נוּשְׁט וֶוערְט אַיין גְרַייצֶר • אָבֶּר דֶר זִילְבֶּרְנֶי

לעפל

לֶעפֶּל אוּבּרלֶעבְּט קוּנְדס קוּנֶדר • אוּנ אַפִּילוּ אוּנ צְווייא הוּנֶדֶרט יָאר אַרוּם וֶוען ער ווירְד שׁוֹן צוּ בְּרָאכן אויף שְׁטוּקלוּך בְּלַייבְּט דָס זִילְבֶּר וַוייטֶר זוּלְבֶּר :• אַטאַנְדייט קְלֵייד קאסְט פוּל וֶועלְווֶלֶר פוּן אַקְלֵייד וָוס מֶזְמַכְט זוּך פוּנֶדר אַייל • אָבֶר ווי לַאנְג דוּיאַרט עס • אוּנ אַקָארְצִי צַייט טְרֶענוּן זוּך דוּ נָעהט אויף • אוּנ מֶען מוּז עס גֶעבֶּן צוּ אַשְׁנַיידֶר צוּ פַּרֶעכְטֶן • קוּים אוּז עס שׁוֹן ווידֶר גַאנְץ • צוּרַייסְט זוּך ווידֶר דֶר שְׁטָאף • אוּנ אַז מֶען בְּרֶעכְנְט דֶר נָאך • זֶעהְט מֶען אַז עס קאסְט דְרַיי מָאל אַזוּ פוּהל ווי אַגוּט קְלֵייד פוּן דֶר אַייל אַזוּ אוּז בַּיי אַלוּ זַאכן אוּנ דֶער וֶועלְט • ווָאס וָואלְוּל אוּז טַייאֶר •

אֵין דִבְרֵי תּוֹרָה מִתְקַיְּימִין אֶלָּא בְּמִי שֶׁמֵּמִית עַצְמוֹ עָלֶיהָ (גיטן כ״ו ס) •

דוּ תּוֹרָה קָאן זוּך נוּשְׁט הַאלְטֶן נָאר בַּייא אֵיינֶם וָוס ער לֵייגְט זוּך אוּנ גַאנְצֶן אַוֶועק אוּבֶּר

אור ׳ אַז מֶען ווִיל גְרִינְדלוּךְ לֶערְנֶן טָאר מֶען עס גוּף גָאר נוּשְׁט אוּנ זוּן הָאבֶּן ׳ אוּנ נוּשְׁט מֶער עֶסן אוּנ טְרוּנְקֶן נָאר וָוס עֶס אוּז נֵייטוּג צוּ דֶר גְזוּנְדהֵייט ׳ אָבֶּר ווִי בַּאלְד דֶר מֶענְשׁ פַּר לֵייגְט זוּךְ אוֹיף דוּ תַּעֲנוּגִים פוּן דֶר וֶועלְט ׳ אוּנ עֶר פוּלְוֶועט זוּךְ מוּט גוּטוּ מַאֲכָלִים אוּנ אַנְדְרוּ תַּאֲוֹות פוּן דֶר וֶועלְט ׳ דָאס פַּר גְרֶעבְּט אוּהם אוּנ עֶס אוּז נוּשְׁט מֶעגְלוּךְ עֶר זָאל לֶערְנֶן ׃

אֵין אָדָם מֵשִׂים עַצְמוֹ רָשָׁע ׳ (סנהדרין ט ב) ׳

דֶר מֶענְשׁ אַלֵיין אוּז נוּשְׁט בַּגְלֵייבְּט זוּךְ צוּ מַאכֶן פַּר אַרָשָׁע ׳ אַז אַמֶענְשׁ דֶר צֵיילְט דוּר פוּן זוּךְ אַלֵיין אַז עֶר הָט גְטוּאֶן אַשְׁלֶעכְטוּ זַאךְ זָאלְסְטוּ אוּם נוּשְׁט גְלֵייבֶּן ׳ וָוארֶן אוּטְלוּכֶר מֶענְשׁ הָאט זוּךְ לוּב ׳ אוּנ עֶס אוּז קֵיינֶר נוּשְׁט אַזוּ נַארִישׁ אוֹיף זוּךְ אַלֵיין שְׁלֶעכְטְס צוּ רֶעדֶן ׳ נָאר אַז עֶר דֶרצֵיילְט דוּר יָא אַשְׁלֶעכְטִקֵייט פוּן זוּךְ ׳ מֵיינְט עֶר עֶס מֶן הַסְתָּם פוּן זַיין טוֹבָה וֶועגֶן ׳ אוּנ נַארְט דוּךְ דֶר

מוּט אָפּ · אוּבֶר דֶעם טָארְסְטוּ עֶס אוּם נוּשְׁט גְלַייבְּן ·

אֵין טוּשִׂין מִצְוֹת חֲבִילוֹת (ברכות מ״ט א)

מֶען טָאר נוּשְׁט מַאכְן גַאנְצוּ בֶּערְג מוּט מִצְוֹת · דָאס טוּאָן פוּן דֶר מִצְוָה אַלַיין אוּז נוּשְׁט גְנוּג · וָוארֶן דוּ הוֹיפְּטְזַאךְ אוּז דוּא רֵיינֶע כַּוָונָה צוּ פַר שְׁטֵיין מוּט דֶם שֵׂכֶל ווָס מֶען טוּט אוּנ פַר וָוס מֶען טוּט עֶס · אוּנ אַז גָאט הָאט עָס גְהֵייסֶן טוּאָן · אוּבֶּר דֶם אוּז לוּבֶר צוּ טוּאָן אֵיין אֵיינְצוּגוּ מִצְוָה מוּט אוּבֶּרלֵייגוּנְג אוּנ מוּט דֶעם גַאנְצֶן הַארְץ פוּן גָאטְס וָועגֶן אֵידֶר אַסַךְ מִצְוֹת חַאפּ לַאפּ צַאפּ ווִי אַפְּרָסְטוּ מַאשׁוּן ·

אֵין מְבִיאִין רְאָיָה מִן הַשּׁוֹטִים · (נדה ג 3) ·

פוּן אַנַאר אוּז גָאר קֵיין רְאָיָה נוּשְׁט צוּ בְּרֶענְגֶן · דֶר מֶענְשׁ מוּז אַלְדוּנְג טוּאָן מוּט אוּבֶּר לֵייגוּנְג · אוּנ אַז דֶר שֵׂכֶל וַוייזְט אוּם אוֹיף אַזַאךְ אַז זוּא אוּז נוּשְׁט גוּט · טָאר עֶר עֶס נוּשְׁט טוּאָן ·

אוּג

אונ אַפילו עֶר זֶעהְט אַז אַנַארִישֶׁר מֶענְשׁ הָט עֶס יָא גְטוּאָן אונ עֶס אוּז אוּהם גוּט אויס גקוּמֶן · טָאר עֶר זוּךְ פוּן אוּם קֵיין רַאֲיָה נוּשְׁט נֶעמוּן · וָוארן אַפילוּ וֶוען דָם נַארִישְׁקֵייט גְרָאהְט אוּז עֶס דָךְ אַנַארִישְׁקֵייט :

אֵין הַקּוֹמֶץ מַשְׂבִּיעַ אֶת הָאֲרִי וְאֵין הַבּוֹר מִתְמַלֵּא מֵחוּלְיָיתוֹ (ברכות ג ב) ·

דֶר לֵייב קָאן נוּשְׁט זַאט וֶוערֶן פוּן אַקְרֵיינֶם הֵיישֶׁרֶעק אונ דֶר גְרוּב קָאן נוּשְׁט אויסגְפִּילְט וֶוערֶן מוּט דֶר עֶרְד וָוס מוּהָאט פוּן אוּהם אויס גְגְרָאבֶּן · דוּא מֶענְשֶׁן אונ אוּטְלְכֶר שְׁטָאט קֶענֶן קֵיין פַּרְנָסָה נוּשְׁט הָאבּוּ פוּן זוּךְ אַלֵיין · נָאר זֵיי מוּזֶן הַאנְדְלֶן מוּט אַנְדרוּ לֶענְדֶר אונ שְׁטֶעט אוּבֶּר דֶם אוּז תָּמִיד גוּט צוּ וָואוּנֶן דָארְט ווי עֶס זֶענֶן דָא פַּאבְּרוּקֶן אונ פוּהל מֶענְשֶׁן קוּמֶן אַהוּן סְחוֹרָה אַיינצוּקוֹיפֶן · אָדר אונ אַשְׁטָאט וָואס זוּא לוּגְט בֶּיי אַגְרוּס וַואסֶר אונ דֶר הַאנְדֶל גֵייט אויף דֶר וועלט

וועלט ווייט אונברייט :

אין חכמה לאשה אלא בפלך (יומא ס"ו ב) .

אנקבה איז נושט מער קלוג. נאר צו האנד ארביט . דר מאן איז בשאפן גיווארן ער זאל ארביטן אונ דס הויז צו פרזארגן מוט פרנסה : אונ דו פרויא איז ווידר בשאפן גיווארן דם מאן צו העלפן . צו האבן קונדר . זיי צו דרציהן אונ צו פוהרן דו ווירטשאפט . אכטונג צו געבן אונ הויז דו דונסט זאל נושט בנגבנון אונ אלדונג זאל זוך אונ ארדנונג פוהרן . אבר נישט צו לערנן אונ ביכר צו ליינן . וואֶרן דס נוצט איר גאר נישט :

אין אדם עובר עבירה אלא אם כן נכנס בו רוח שטות (סוטה ג א) .

דר מענש טוט אנדרש נושט קיין שלעכטו זאך סיידן עס קומט אוהם אן אנארישר גדאנקן .

ווען

ווען דר מענש זאל זוך אובר לייגן בשעת ער טוט דו עבירה, ווי שלעכט דס איז. אונ ווס פר אשטראף ער וועט דר פר האבן. וואלט ער גוויס נישט גזינדיגט. ווען דער גנב זאל זוך איבר ליגן ווס פר איין אומרכט עס איז פרעמד גערד צו גנבנין. אונ אז ער קאן דר דארף קומן אונ קרימינאל אריין. וואלט ער גווים נושט גגנבית נר אז עס קומט אוסאנדר חשק צו דר גניבה ווירד ער ווי משוגע אונ עס פרבלענדזט אוהסדו או' גן ער וייסט אליין נושט ווס ער טוט. דר מענש דארף אבר שכל צו האבן אונ זיך שטארק אובר לייגן ביי אוטלכר זאך ווס ער טוט, אוז אוהם וואול אונ גוט:

אין אדם דר עם נחש בכפיפה (כתובות ע"ב א) ,

דר מענש קאן נושט וואונן אונ איינם מוט אשלאנג אונ איין שטייג. אז איינר גט אבייז וויב הט מען אוהם גאר נוט פראיבל צו האבן.

ווארן

וָוארֶן זוא אוּז וִוי אַשְׁלַאנְג אוּנ עֶס אוּז נוּשְׁט מֶעגְלִיךְ מִיט אוּר צוּ וָואוֹנֶן ׃

אוֹמְרִים לְצִרְעָה לֹא מִדּוּבְשָׁךְ ׃ וְלֹא מֵעוּקְצָךְ (מדרש תנחומא) ׃

מֶען זָאגְט צוּ דֶר בִּיהְן אוּךְ וִויל נוּשְׁט דַיין הָאנוּג אוּנ ווִיל נִישְׁט דַיין גִיפְט ׃ דֶרוַוייטֶד דוּךְ פוּן דֶם שְׁלֶעכְטֶן מֶענְשׁ וִוי וַוייט דוּ קָאנְסְט אוּנ ווִיל פוּן אוּהְם קֵיין גוּטְס נוּשְׁט הָאבֶּן ׃ וָוארֶן דוּ קָאנְסְט קֵיין רֵיין גוּטְס פוּן אוּם נוּשְׁט הָאבֶּן אוּנ זַיין הָאנוּג לִיגְט גִיפְט זַיין גוּטְס אוּז לוּיטֶר שְׁלֶעכְטְס ׃ דוּא טוֹבָה וָואס עֶר טוּהְט דוּר וֶועט דוּר שְׁפֶּעטוּר בְּרֶענְגֶן אַגְרוֹסֶע רָעָה ׃

## אוֹהֶבֶת אִשָּׁה בָּחוּר מִסְכֵּן מִזָּקֵן עָשִׁיר (ילקוט רות)

אַנְקֵבָה הָט לוּבֶּר אֵיין אָרְמֶן בָּחוּר אֵידֶר אֵיין רַייכֶן אַלְטֶן מַאן ׃ עֶס אוּז אַגְרוֹם

נארושׁהייט פון איין אַלטן מאַן ווען ער גענומט איונג ווייב ווערן זו נעמט אוהם נר וועג זדם געלד אונ האט תיכף ביי דר חתונה אונ זון ער זאל שטארבן כדי זוא זאל בלייבן איין רייכע אלמנה אונ זאל הענון נעמון איונגן מאן אזו ווי זוא וויל :

# אין משיחין בסעודה (תענית ה׳ ב׳) ·

מען טאר נושט רעדן אונ עסן · בשעת מען עסט מוז מן אונ זון האבן נושט איין צו שלונגן אביין אדר אגרוסן ביסן · וואָרן מוכאן דרוואָרגן ווערן · אובר דם טאר מען דעמלט נושט רעדן · אויך זאגן דוא דאקטורים אז עס אוז נושט גזונד צו רעדן אובר דעם עסן · וואָרן עס גוט קיין הראפט נושט :

# אִם הִתְחַלְתָּ בְּמִצְוָה הֱוֵי גוֹמֵר אוֹתָהּ (מדרש תנחומא)

הָאסְטוּ אָנְגְהוֹבְּן אַמִצְוָה צוּ טוּאוּן מוּזְטוּ זוא אוּיס פוּהרֶן: הֵייבְּסְטוּ אָן אֵיין אָרוּמַאן אוּיף צוּ הֶעלְפְן · מוּסְטוּ אוּהם שׁוֹן הֶעלְפֶן אוּנ גַאנְצֶן. וָוארֶן וִוי בַּאלְד עֶס פֶעהלְט עֶפּוּס דֶר פוּן הָאסְטוּ אוּהם אַלְץ נוּשְׁט גְהָאלְפְן · גוּסְטוּ אוּהם אוֹיפַאדִירָה · גוּב אוּסאוּנ גַאנְצֶן. וָוארֶן וִוי בַּאלְד עֶס פֶעהלְט אוּהם נָאר אֵיין אֵיינְצִיגֶר רֵיינֶש לָאזְט מֶעֶן אוּהם אַלְץ אוּנ דֶר דִירָה נוּשְׁט אַרֵיין אוּנ דוּ הָאסְט אוּהם גָא־נוּשט גְהָאלְפְן. פַּרְקֶערְט · עֶר וֶועט דֶם דָאזִ[illegible]ן ווס עֶר וֶועט אוּהם שֶׁענְקֶען דֶעם לֶעצְטֶן רֵיינֶ[illegible] מֶעהְר דַאנְכֶן וִוי דוּר · וָוא־ן נָאר דָארְף דֶם רֵיינֶש אוּז עֶר גְקוּמֶן צוּ דֶר דִירָה · אַזוֹ אוּז בַּייא אוּטְלֶכֶר זַאךְ· דָאס לֶעצְטוּ אוּז דֶר עִיקָר:

אל

## אַל תְּהִי קִלְלַת הֶדְיוֹט קַלָּה בְּעֵינֶיךָ

(מדרש נעולם) ·

דאס שֶׁעלְטן פוּן אנוּדרוּגן מֶענְשׁ זָאל נוּשְׁט גְרוּנְג זַיין אוּנ דַייני אויגן · מַאנְכוּ מֶענְשֶׁן בִּילְדן זוּךְ אַיין אַז מוּט דֶעם נִידְרִיגְן מֶענְשׁ מֶענן זֵיי טוּאֶן וָוס זֵיי ווילֶן · וָוארֶן וָוס פְרֶעגן זֵיי גָאר נָאדאוּהם: דָס אוּז אָבֶר זֵייעֶר נַארוּשׁ · וָוארן עֶס אוּז נוּשְׁט גוּט אפילו אַהַאךְ פַר אַשׁוֹנָא צוּ הָאבֶן · אוּנ מוּטָאר דָם שֶׁעלְטן פוּן דֶעם קְלֵיינם מֶטְנְשׁ נוּשְׁט פַר גְרוּנְג הַאלְטְן וָוארן עֶר קָאן דוּר אַמָאל מֶעהְר שְׁלֶעכְטְס טוּאֶן פוּן דֶם גְרֶעסְטְן מַאן ·

## אַל תַּרְבֶּה שִׂיחָה עִם הָאִשָּׁה פרקי אבות·

דוּא זָאלְסְט נוּשְׁט פוּהל רֶעדוּן מוּט אַפְרוֹיא · דֶר אָרְנְמְלְכִי מֶענְשׁ דַארף קַארְג זַיין

מוט דעם מויל · און נושט פרברענגן דוא צייט מוט נארישי רייד · ער טאר נושט צו פוהל רעדן מוט אפרויא · מוט איונגו פרויא טאר מען גווים נישט · ווארן דאס ברענגט צו שלעכטי גדאנקן · נאר אפילו מוט איין אלטי פרויא זאל מען אויך נושט פוהל רעדן ווארן מען פרברענגט דו צייט מוט נושט · און דאס וויל נושט גאט ·

# אל תדין את חברך עד שתגיע למקומו (פרקי אבות) ·

משפט נושט דיין חבר בוז דו וועסט זיין און זיין שטאנד · אז דו זעהסט ווי דיין חבר הט בגאנגן אפעהלר · טארסטו נושט תיכף זאגן אויף אוהם אז ער אוז אשלעכטר מענש · ווארן דו מוזט דור אובערלייגן ·

אֶפְשַׁר ווען דו ווָאלְסְט גִוועזן אִין זַיין שְׁטַאנד
ווָאלְסְטוּ אויך אַזוֹ גְטוּאִין · לְמָשָׁל דו זֶעהֶסְט
ווִי אֵיינֶר הָט אֵיין אָרוֶמן זוהָן אונ עֶר וויל אוּם
נוּשְׁט אוּנְטֶרשְׁטִיצְן מוּט גֶעלְד · טָארסְטוּ
נוּשְׁט זָאגן אַז עֶר אוּז אַשְׁלֶעכְטֶר טַאטִי · ווָארֶן
אֶפְשַׁר הָט עֶר אַלֵיין נוּשְׁט · אונ ווָן דו זָאלְכְט זַיין
אִין זַיין שְׁטַאנְד ווָאלְסְטוּ אויך נוּשְׁט בֶּעסֶר
גִיוֶועזְן · אונ אַפִּילוּ עֶס דַאכְט זִיךְ דוּר אַז
עֶר אוּז אֵיין עוֹשֶׁר · מוּזְטוּ זָאגן אַז עֶר הָאט
גְווִיס קֵיין גֶעלְד נוּשְׁט · נָאר ווָס עֶר ווַייזְט
זִיךְ פַר אֵיין עוֹשֶׁר · דָס טוּהְט עֶר אִין מִישְׁנִי
כְּדֵי עֶר זָאל קְרֶעדִיט הָאבְּן · עֶס נוּצְט אוּהְם
אַזוֹ צוּ דֶר פַּרְנָסָה ·

## אַל תִּתְיָאֵשׁ מִן הַפּוּרְעָנִיּוֹת (פרקי אבות)

רֶעד דוּר נוּשְׁט אֵיין אַז דוּךְ ווֶעט קֵיין
מָאל קֵיין אוּמְגְלוּק נוּשְׁט טְרֶעפְן · דֶר מֶענְשׁ
מעג

מֶעג נָאךְ אִיז רַייךְ זַיין · מוּז עֶר אַלְץ תָּמִיד מוֹרָא הָאבְּן · עֶר זָאל נוּשְׁט אָרוּם וֶוערְן · וָוארְן פַר דֶעם דַלוּת אוּז קֵיינֶר נוּשְׁט זֶעכֶר · מוּטָאר נוּשְׁט זָאגְן אוּךְ הָב הַייזֶר אוּנ דֶערְפֶר · אוּנ בּוּן שׁוֹן בַּוָוארְנְט בּוּז אוּנ טוֹט אַרַיין · וָוארְן דָס לָאזְט זוּךְ גָאר נוּט בַּוָוארְנְן · עֶב קָאן אוּיס כּוּמֶן אַבֵּייזִי קְרַאנְקֵהייט · אָדֶר אַבְּלְבּוּל אָדֶר אֵיין אַנְדֶרִי צָרָה · אוּנ דָאס גַאנְצוּ פַרמֶעגְן צוּ גֵייט וִוי זַאלְץ אוּנ וַואסֶר ·

# אֵיזֶהוּ חָכָם הַלוֹמֵד מִכָּל אָדָם (פ"ד) ·

כְּלוּג הֵיטְן מֶען נָאר זַיין · וֶוען מֶען לֶערְנְט פוּן יֶעדֶן מֶענְשׁ · מֶען קָאן פוּן אוּטְלִכְן מֶענְשׁ חָכְמָה לֶערְנְן · אַפִּילוּ פוּן דֶעם גְרֶעסְטְן נַאר פוּן דֶעם גְרֶעסְטְן רָשָׁע קָאן מֶען טֶפּוּס לֶערְנְן׳

וָוארן קֵיין אֵיינְצִיגֶר מֶענְשׁ זֶעהְט נוּשְׁט זֵיינוּ אֵייגֶנִי פֶעהְלֶר יֶענְמס פֶעהְלֶר זֶעהְט מֶען אָבֶּר זֵייעֶר גוּט ׃ אוּבֶּר דֶעם קָאן מֶען פוּן אִיטְלִכְן עֶפּוּס לֶערְנְן ׃ אַז אוּךְ זֶעה אַז יֶענֶר טוּהְט אַנַאַרִישְׁקֵייט נֶעם אוּךְ מוּר גוּט אִין זִין אַרַיין אוּךְ זָאל אַזוֹ נוּשְׁט טוּאֶן ׃ אוּךְ זֶעה אֵיינֶר אוּז אַשִׁכּוֹר ׃ עֶר וָואלגֶרְט זוּךְ אוּנ דוּ גַאסְן אוּנ אוּטְלִכֶר לַאכְט אוּיס אוּהְם ׃ לֶערֶן אוּךְ פוּן אוּהְם אָפּ ׃ ווי שֶׁענְדְלִךְ עֶס אוּז שִׁכּוֹר צוּ זַיין ׃ אוּנ אוּךְ הוּט מוּךְ שׁוֹן קֵיין שַׁארְפִּי מַשְׁכוֹת נוּשְׁט צוּ טְרוּנְקְן ׃ קָארְץ דֶער קְלוּגֶר קָאן פוּן אוּטְלִכֶן מֶענְשׁ עֶפּוּס נִיצְלִכְס אָפּ לֶערְנְן ׃

אִתְגְּרַת לֵיהּ פּוּרְעֲנֻיָה (יומא כ׳ ב׳)

הָאסְט דוּא דוּךְ בֵּיי אוּם פַּרְדִינְגְן מוּזְטוּ זַיין

זיין וואל רייניגן · ווי באלד דו בוזט ביי איינם
אין גשעפט · מוזטו אוהם פאלגן אונ אלדונג
טואן וואס ער הייסט דיך טואן · אונ אפילו דו
בוזט איין גרוסר חכם אונ אמיוחס אונ בוזט
גיוועזן אנגיד · אונ ער איז איין אויך גקוממנר
עושר · אפראסטכה · טארסטו נושט זאגן עס
איז נושט מיין כבוד זאלכו זאכן צו טואן ·
ווארן ווי באלד דו בוזט ביי אוהם · מוזטו
אוהם טואן אלדונג וואס ער פרלאנגט · דא
העלפט קיין גאוה נושט ·

אל יבזבז אדם יותר מחומש (כתובות כ"ו ב') ·

דר מענש טאר נושט פר שפריצן פון
זיין פרמעגן נאר אפיפטל · אוטלכי זאך וואס
צו פוהל איז נושט גוט · אונ וויא וואול עס
איז רעכט אז דר מענש זאל פוהל גוטס טואן

מוט

מוט דֶעם גֶעלְד וָואס גָאט הָאט אוהְם גְגֶעבֶן׃ עֶר זָאל אָרומִי לַייט אונטֶרשְׁטִיצֶן ׃ אונ זָאל אויף הֶעלְפֶן נוֹטבַּדֶערכְטִיגֶי ׃ מוּז עֶר זוּךְ אָבֶּר דָאךְ בְּרֶעכְנֶן עֶר זָאל נוּשְׁט מֶעהְר אַוֶּועק גֶעבֶּן ווִי אַפִּיפְטֶל פוּן זַיין עֶשִׁירוּת ׃ ווָארֶן ווִי בַּאלְד עֶר גוּט מֶעהְר אוּז עֶר אֲפַרְשׁוֶועְנְדֶער אונ דֶער סוֹף אוּז אַז עֶר בְּלַייבְּט אַלֵיין אֵיין אָרוּמַאן ׃

## אֵין קַטֵיגוֹר נַעֲשֶׂה סַנֵיגוֹר (ר״פ כ״ו ח)

דֶר אַנְקְלֶעגֶר קָאן נוּשְׁט וֶוערֶן אַגוּטֶר מֵלִיץ ׃ הָאכְּטוּ אויף אֵיינֶם שְׁלֶעכְטֶס גֶרֶעט ׃ אונ דוּ הָאסְט דֶר נָאהְחָרָטָה אונ ווֶערְסְט אוהְם אַגוּטֶר פְּרַיינְד ׃ טָארְסְטוּ נוּשְׁט רֶעדֶן אויף אוּהְם פוּהְל גוּטֶס ׃ ווָארֶן דָאס ווֶעט גָאר נוּשְׁט נִיצֶן ׃ דוּא ווֶעלְט ווֶעט דוּךְ הַאלְטֶן פַאר

אשווינדלר

אַשְׁווִינְדֶלְר אוּנ אַלִיגְנֶר • אוּנ מֶען וֶועט דוּר
נוֹשְׁט גְלֵייבְּן • נָאר דָאס קְלוּגְסְטִי אוּז אַזוֹ מוּט
שֵׂכֶל צוּ רֶעדְן • עֶס זָל נוּשְׁט זַיין שְׁלֶעכְט אוּנ
נוּשְׁט גוּט • אוּנ דָס שְׁלֶעכְטִי וָוס דוּא הָאסְט
פְרִיהֶר גְרֶעט • זָאל זוּךְ מִמֵילָא פַּרְלִיהְרְן •

## אַל יוֹצִיא אָדָם דָבָר מְגוּנֶה מִפִּיו

(פססים ג" ל׳) •

דֶער מֶענְשׁ זָאל קֵיין שֶׁענְדְלִיךְ וָוארְט
נוּשְׁט אַרוֹיס רֶעדְן ׃ אוּנ דֶעם רֶעדְן קָאן מֶען
תֵיכֶף דֶר קֶענְן וָוס פַּר אַמֶענְשׁ מֶען אוּז • דֶר
גְרָאבֶּר מֶענְשׁ רֶעט אַזוֹנִי וֶוערְטֶר אַז מֶען
שֶׁעהְמְט זוּךְ זֵייא גָאר צוּ הֶערְן • אָבֶּר דֶער
אֵיידְלֶר מֶענְשׁ רֶעט גָאר אַנְדֶערְשׁ • עֶר זָאגְט
טַאקִי דוּ אֵייגֶנוּ זַאךְ וָואס דֶער פְּרָאסְטַק •
אָבֶּר עֶר פַּרְקְלֵיידְט זוּא אוּנ זַייעֶר שֵׁיינִי

ווערטר • דר פראסטק זאגט עס שטינקט • דר איידלר זאגט אבר • דר ריח אוז נושט אם בעסטן • דער פראסטכה זאגט • דו זאגסט ליגנט • דר איידלר זאגט אבר • אוך פאר שטייא גאר נושט וויא אזו דאס כאן זיין • דו גמרא ברענגט דרויף אשייני מעשה • דו כהנים פלעגן צו עסן דאס לחם הפנים אוג אוטלכר האט דער פון גהאפט ווי פוהל ער האט גקאנט • איינמאל האבן דרייא יונגו כהנים דר פון גרעט • איינר האט גזאגט עס אוז מור אן גהומן אנאנץ קליין שטוכל וויא אבונוס גרוס • דר אנדרי האט גזאגט מור אוז אנגקומן אזו גרוס וויא איין איילבורט • דר דרוטר האט גזאגט מור אוז אנגהומן אזו גרוס וויא אשוועגצל פון אמייזל • וויא דוא גרוסו כהנים האבן דאס גהערט • הט עס זייא שטרק

שְׁטַארְכּ פַּרדְרָאסן אוים דֶעם דְרוּטן ׳ וָוארן
וִויא רֶעט מֶען אַזוֹ גְרָאב ׳ וְויא פַּר גְלַייכְט
מֶען אַהֵיילוּגוּ זַאךְ צוּ אַשְׁוֶועְנְצְל פוּן אַמַייזל
אוּבֶּר דֶעם הָאבּן זֵייא גְזָאגְט • עֶר מוּז אַרוֹיס
קוּמְן פוּן אַנוּדְרוּגוּ מִשְׁפָּחָה אוּנ הָאט גְמוּזְט
הֶערן בַּייא זוּךְ אוּג דֶר הֵיים אַזוֹ גְמֵיין רֶעדְן ׳
מֶען הָאט אָנְגְהוֹבּן גָאךְ צוּ פָּארְשְׁן פוּן וַואנְן
עֶר קוּמְט אַרוֹים • אוּנ עֶס הָאט זוּךְ בַּווִיזְן ׳
אַז זֵיין מַאמִי אוּז גְוֶועזְן אֵיין חֲלָלָה דָם הֵייסְט
אַזוֹ אֵיינוּ וַואס אַכֹּהֵן טָאר זוּא נוּשְׁט נֶעמְן •
אוּנ דָארְךְ דֶעם אוּז עֶר פָּסוּל צוּ דֶר כְּהוּנָה׃
דָאס הָאט מֶען אַרוֹים גוּבְּרֶענְגְט דָארְךְ דוּא
פָּאר וֶוערְטֶר וָואס דֶער יוּנְגֶר מַאן הָאט גְרֶעט
אוּבֶּר דֶעם מוּז דֶר מֶענְשׁ זוּךְ גוּט אוּבֶּר לֵייגְן
אֵיידֶר עֶר רֶעט אַרוֹים דָאס וָוארְט ׳ אוּנ עֶר
מוּז זוּךְ הוּטְן אַז עֶס זָאל קֵיין גְרָאב וָוארְט
אוֹיס

אויס זַיין מויל נישְׁט קומֶן · דאס וָואָרְט איז דֶער שְׁפִּיגֶל פון דֶר נְשָׁמָה · זֵיינֶע וֶוערְטֶר ווַייזֶן אויף אַרֵיינֶע נְשָׁמָה ·

## אַל יַטִּיל אָדָם אֵימָה יְתֵירָה בְּתוֹךְ בֵּיתוֹ (גיטין ו׳ ב׳)

דֶר מֶענְשׁ זָאל קֵיין גְרוֹסֶע מוֹרָא נִישְׁט מַאכֶען אויף זַיינֶע הויז לייט · אוּמְלִיכֶר מֶענְטְשׁ דַארְף זוּךְ אוּנ דֶר הֵיים אַזוֹ אויף צוּ פוּהְרֶען · אַז זַיין ווַייבּ אונ קוּנְדֶער אונ דִיא דוּהְנְסְטֶען זָאלֶען פַר אוּהְם דֶרֶךְ אֶרֶץ הָאבֶּען · עֶר מוּז זוּךְ אַמָאל בֵּייזֶערֶן ווֶען זֵייא טוּאוּן נִישְׁט אַזוֹ וויא עֶס דַארְף צוּ זַיין אָבֶּער פוּהְל פַּחַד טָאר עֶר אויף זֵייא נִישְׁט ווַארְפֶן · עֶר טָאר נִישְׁט בֵּשְׁטֶענְדִיג אוּמְגֵיין מִיט כַּעַס · עֶר טָאר נִישְׁט זַיין לוּיטֶר צָארְן אַז זֵייא זָאלֶען צוּטְרֶען פַר אוּהְם

וָוארן דָארְךְ דֶעם ווִירד אוּהְם דָאס גַאנְצוּ
הוֹיז לוֹיטֶר שׂוֹנְאִים זַיין אֵייגן וַוייבּ זַיין אֵייגן
קוּנְד קָאן אוּהְם נוּשְׂט לַיידִן. קֵיין אֵיינְצוּגֶר הָט
אוּהְם נוּשְׂט לוּבּ • אוּטְלִכֶר צוּטֶרְט פַר אוּהְם
אוּנ עֶס קָאן דֶר דָארְךְ דָאס גְרֶעסְטוּ אוּמְגְלוּקְ
גְשֶׁעהֶן • עֶס אוּז אַמָאל גוּזֶעסְן אַמֵיידל בַּיי
דֶר נַאכְט אוּנ הָאט גְלֵיינְט אַבּוּכֶל זוֹא הָאט
דֶר הֶערְט אַז דֶר פָאטֶר אוּז אֶנְגֶקוּמְן אוּנ דֶר
עֶרְשְׁטֶר שְׁטוּבּ אוּנ הָאט זוּךְ זֵייעֶר דֶר שְׁרָאקְן
וָוארן עֶר הָאט אוּהְר פַּרְבָּאטְן קֵיין בּוּכֶר נוּשְׂט
צוּ לֵיינְן • אוּנ עֶר פְּלֶעגְט זוֹא תָּמִיד פַר דֶער
מוּנְדֶסְטוּ קְלֵיינוּקֵייט זֵייעֶר שְׁטַארְק צוּ שְׁלָאגְן
דָארְךְ דֶעם הָאט זוֹא פַר שְׁרֶעק דֶם בְּרֶענְדוּגוּ
לֶעכְט אַוֶועק גְוָוארְפְן אוּנ דֶר זַייט • עֶס אוּז
טַאקֶי פַר לָאשׁוּן גְוָוארְן אָבֶּר דוֹא שְׁנוֹיץ הָאט
נָאךְ גְבְּרֶענְט דֶר פוּן הָט זוּךְ אָן גְחַאפְּט אַזֶעקְל

פְלַאקְס דָארְךְ דֶעם אוּז בַּאלְד גְוָוארְן אַגְרוֹסוּ
שְׂרֵיפָה אוּנ דָאס גַאנְצוּ הוֹיז אוּז פַר בְּרֶענְט
גְוָוארְן ׃ דוּא גְמָרָא דֶר צֵיילְט פוּן אַתְּגָא וָואס
עֶר אוּז זֵייעֶר בֵּייז גְוֶועזְן אוּנ דוּא דוֹהְנְסְטְן
הָאבְּן אוּהְם פַר שְׁרֶעקְ גִיוָואלְט גֶעבְּן טְרֵפוֹת
צוּ עֶסְן וַוייל זֵייא הָאבִּי קֵיין כָּשֵׁר פְלֵייש נוּשְׁט
גוּהַאט אוּבֶּר דֶעם אוּז דָאס בֶּעסְטוּ צוּ זַיין
גוּט אוּנ גְלַאסְן קֶעגְן זַיינוּ הוֹיז לַייט אַפִילוּ דָאס
בֵּייזֶרְן מוּז אוֹיךְ זַיין מוּט גוּטְן וָוארְן אַז מֶען
פוּהֶרְט זוּךְ אַזוֹ אוֹיף קֶעגְן זֵייא פָאלְגְן זֵייא
אוּנ הַאלְטְן אַלְדוּנְג וָואס דוּא הֵייסְט זֵייא ׃
דַיין וָוארְט אוּז בַּייא זֵייא הֵיילוּג ׃ דַיין וִוינְקְ
אוּז שׁוֹן אַבַּפֶּטְהֶל אוּנ זֵייא הָאבְּן דוּךְ לוּבּ
וִוּא זֵייעֶר אֵייגְן לֶעבְּן ׃

צ יְשֵׁנָה אָדָם בְּנוֹ בֵּין הַבָּנִים (סנה׳ י׳ ג׳)

מֶען זָאל נוּשְׁט אֵיין הוּנְד בֶּעסֶר בַּהַאנְדְלְן וִויא דוּא אַנְדֶרוּ הוּנְדֶר · חָאטְשׁוּ מוּהָאט אֵיין קוּנְד צוּם לוּבְּסְטְן · טָאר מֶען עֶס נוּשְׁט וַוייזְן פַר דוּא אַנְדֶרוּ הוּנְדֶר מוּטָאר אוּהֶם נוּשְׁט מַכִין שֶׁטֶנְרוּ קְלֵיידֶר מוּטָאר אוּהֶם נוּשְׁט גֶעבְּן מֶטְהִר גֶעלְד וִויא דוּא אַנְדֶרוּ וָוארְן וְוִיא בַּאלְד מֶען טוּהְט דָאס · מַאכְט מֶען אוּנ הוֹיז קִנְאָה אוּנ שִׂנְאָה דוּא קוּנְדֶר וֶוערְן דֶעם בְּרוּדֶר שׂוֹנְאִים אוּנ עֶס פַר דְרוּסְט זֵייא אוֹיךְ אוֹיף דֶעם פֶּאטֶר אוּנ עֶס קָאן פוּן דֶעם קֵיין גוּטְס נוּשְׁט אַרוֹיס קוּמְן מוּר זֶעהְן דָאס אוּנ דֶר מַעֲשֶׂה פוּן יַעֲקֹב אָבִינוּ · אַז דוּא גַאנְצוּ שִׂנְאָה פוּן דוּא בְּרוּדֶר קֶעגְן יוֹסֵף הַצַדִיק אוּז גְוֶועזְן וַוייל דֶר פָּאטֶר הָאט אוּהֶם גְמַאכְט אַזֵיידְן קְלֵייד אוּנ זֵייא הָט עֶר נוּשְׁט גְמַאכְט ׃

# אִם פָּגַע בְּךָ מְנוּוָל זֶה מָשְׁכֵהוּ לְבֵית הַמִּדְרָשׁ (סוכה נ"ב ב')

ווען עס בַּגֶעגְנֶט דוּךְ דֶר שֶׁעְנְדְלִיכֶע יֵצֶר הָרָע שְׁלֶעפּ אוּהְם אוּנ דֶעם הוֹיז אַרַיין וויא מֶען לֶערְנְט תּוֹרָה . עֲבֵירוֹת טוּהְט נָאר דֶער מֶענְשׁ וָוס גֵייט לֵיידִוּג ׃ ווָארְן דֶער ווָאס אִיז בַּשֶׁעפְטִיגְט הָאט גָאר קֵיין צַייט נִישְׁט צוּ זִינְדִיגְן אוּנ עֶס קוּמְט אוּהְם גָאר נִישְׁט אוּנ דוּא גַדַאנְקֶן אַרַיין אוּבֶּר דֶעם אַז עֶס קוּמְט אֵיינֶם אָן דֶר חֵשֶׁק אֵיין עֲבֵירָה צוּ טוּאוֹן אוּנ עֶס לָאזְט אוּהְם גָאר קֵיין רוּהֶ נִישְׁט ׃ אִיז דָאס בֶּעסְטֶע זִיךְ צוּ נֶעמְן אַסֵפֶר אוּנ דְרוּגְן צוּ לֶערְנְן דָאס פַּרְבְּרֶענְגְט אוּהְם דוּא צַייט אוּנ פַר שְׁלָאגְט אוּהְם דֶעם חֵשֶׁק אוּנ אַז עֶר קָאן נִישְׁט לֶערְנְן זָאל עֶר גֵיין דָארְטְן וויא

אַנְדֶרוּ מֶענְשְׁן לֶערְנְן אוּנ זָאל צוּ הֶערְן • וָוארן דָאס אוּז אַלְץ אֵייִן זוּסֶר צַייט פַר טְרֵייבּ • אוּנ עס עפּנְט טַאכוּ דוּא אוֹיגן צוּ זֶעהְן וִויא שֶׁענְדְלִיךְ אוּנ וִויא נוּשְׁטרֶעכְט עס אוּז צוּ זוּנְדוּגְן :

אוֹי לִי מִיִצְרִי אוֹי לִי מִיוֹצְרִי (ברכות סא א׳)

וֵוייא אוּז מוּר דָארְךְ דֶעם יֵצֶר הָרֶע • וֵוייא אוּז מוּר דָארְךְ מַיין בַּשֶׁעפֶר • דֶר מֶענְשׁ אוּז בַּשְׁטֶענְדוּג וִוי אִין אַמִלְחָמָה • דוּ נְשָׁמָה צוּהְט אוּהְם צוּ גָאט • עֶר זָאל טוּאֶן דוּ מִצְוֹת אוּנ זָאל גָאר דוּ וֶועלְט נוּשְׁט אִין זִין הָאבְן • אָבֶר דֶער גוּף גְלוּסְט נָאר צוּ דוּ תַאֲוות פוּן דֶר וֶועלְט • עֶסְן אוּנ טְרוּנְקְן אוּנ אַנְדְרִי תַעֲנוּגִים • טוּהְט עֶר דֶעם גוּף צוּ לִיבּ מוּז עֶר זִינְדִיגְן קֶעגְן גָאט טוּהְט עֶר וִוידֶר דֶר נְשָׁמָה צוּ לִיבּ מוּז עֶר פְּלָאגְן דֶעם גוּף • אוּנ קֶעגְן בֵּיידִי יוֹצֵא צוּ זַיין אוּז

זייער אַשְׁוועֶרִי זַאךְ • דָאס קָאן קוים איינֶר אונְטֶר טויזֶנד • •

דָאס וֶועכְטל בַּנוּצְט מֶען אויך תָמִיד וֶוען מהָאט פַר זוך צְוֵויי זַאכן וָואס אֵיינְס איז פַאר קֶעהְרט פון דֶעם אַנְדֶרן • און מֶען וָואלְט גֶערן בֵּיידִי יוצֵא גֶוועזן • זָאגְט מֶען אוי לִי מִיִצְרִי אוי לִי מִיוֹצְרִי :

אוֹמְרִים מִקְצַת שְׁבָחוֹ שֶׁל אָדָם בְּפָנָיו וְכוּלוֹ שֶׁלֹא בְּפָנָיו (עירובין י״ח ב) .

און דוּ אויגֶן אַרַיין זָאגְט מֶען נָאר אַטֵייל פוןדֶעםמֶענְשׁס לוֹב • אָבֶר אונטֶר דוּ אויגֶן זָאגְט מֶען דֶם גַאנְצֶן לוֹב :

דר עֶרלְכִי מַאן וָוס עֶר רֶעט לויטֶר וָוארהֵייט און אוס זַמויל גֵייט קיינְלִיגְנְט נושְׁט אַרוֹיס • וֶוען עֶר לוֹבְּט אֵיינֶם און דוּ אויגֶן אַרַיין זָל עֶר אוהם נוּשְׁט צוּ פוּהְל לוֹבְּן • וָוארן אַיין אֶרֶנְטלִיכֶר מֶענְשׁ קָאן נוּשְׁט לַיידֶן אַז מֶען לוֹבְּט אוהם צוּ

פוהל . אונ עֶר הַאלְט יֶענם פַאר אַשמֵייכְלֶר
חָאטְשׁוּ עֶר זָאגְט דֶעם אֶמֶת . אָבֶר אונטֶר דוּא
אוּינֶגן וֶוען עֶר לוֹבְּט אוּהְם פַר אַנְדְרוּ מֶענְשֶׁן .
דָא אוּז זֵייעֶר רֶעכְט יֶענְם אונ גַאנְצן צוּ לוֹבְּן
אַקְרָאט ווִי עֶר אוּז . אונ צוּ דֶר צֵיילן זַיינִי אַלְוּ
גוּטִי מַעֲלוֹת .

**אֵין אָדָם נִתְפַּס עַל צַעֲרוֹ** (בבא בתרא ט״ז א) .

מֶען הָאט קַיינִם נוּשְׁט פַּראִיבל צוּ הָאבְּן
אוּיף דֶעם וָואס עֶר רֶעט וֶוען עֶס טוּהְט אוּהְם
וֵוייא . לְמָשָׁל עֶס אוּז אֵיינְם פַרלוֹרן גֶווָארן
אַטַאסְטֶר מוּט נָאטְן דֶעמָאלְט וֶוען דוּא בּוּזְט
בֵּיי אוּהְם אונ שְׁטוּבּ גְוֶועזֶן . אונ עֶר אוּז דוּךְ
חוֹשֵׁד . דַארְף דוּךְ גָאר נוּשְׁט פַּארדְרִיסֶן אוּיף
אוּהְם . וָוארן דֶר שָׁאדֶן טוּהְט אוּהְם זֵייעֶר וֵוייא
אוּבֶּר דֶעם רֶעטְעֶר . אונ וֶוען דָאס זָאל זוּךְ דוּר
טְרֶעפְן וָואלְטְסְטוּ אֶפְשַׁר אוּיךְ נוּשְׁט בֶּעסר

גוועזן • אונ אַזו אוז תָּמִיד וֶוען דֶער מֶענְטְשׁ
אוז אִין אַצָרָה • טוּהְט ֶער אַזוֹנוּ זַאכֶן • וָואס
ֶער וָואלְט זֵייא אִין אֵיין אַנְדְרִי צַייט נוּשְׁט
גְטוּאִין :

# אֵין שׁוֹטֶה נִפְגַּע (ירושלמי תענית) •

דֶעם נַאר גְשֶׁעהְט נוּשְׁט ַקיין שְׁלֶעכְטְס •
וָואס קְלוּגֶער דֶר מֶענְשׁ אוּז פִיהְלְט ֶער אַלְץ מֶעהְר
דֶר נַאר אוּז אָבֶּר וִויא אַפְּרָאסְטִי בְּהֵמָה ֶעס מֶעג
אוּהְם גֵיין וִוי ֶעס וִויל פִיהְלְט ֶער אַלְץ נוּשְׁט •
דֶר חָכָם הָאט תָּמִיד צַעַר • וָוארן אַפִילוּ ֶער
ֶער אוּז אַגְרוֹסֶר עוֹשֶׁר הָאט ֶער עַגְמַת נֶפֶשׁ פוּן
טוּיזֶנְד אַנְדְרִי זַאכֶן • אוּנ דוּ מִינְדסְטִי קְלֵיינִיקייט
מַאכְט אוּהְם צַעַר • אָבֶּר דֶר נַאר הָאט תָּמִיד
פְרֵייד • ֶער אֵיבֶּרְלֵייגְט זוּךְ קֵיין שׁוּם זַאךְ נוּשְׁט
דוּ מֶעגְסְט אוּהְם בַּלֵיידִיגְן וִוי דוּ וִוילְסְט • הַארְט
ֶעס אוּהְם גָאר נוּשְׁט • ֶער אוּז בְּלוּנְד אוּנ זֶעהְט
נוּשְׁט

נושׂט וָואס ווייטר וֶועט זוך טואִין • אונ עֶר אוז תָּמִיד גְלִיקְלִךְ ׃ טוּהְט דר חָכָם עֶפּוּס אֵיין עוֹלה • רֶעט דוּ גַאנְצִי וֶועלְט פוּן אוּהְם • אָבֶר דֶער נַאר עֶר מֶעג אַפִילוּ טוּאָן דָאס גְרֶעסְטִי אוּמְרֶעכְט • מַאכְט זוּךְ גָאר קיינֶר נוּשְׂט דְרוּיס • וָוארן מֶען זָאגְט עֶר אוּז דָאךְ אַבְהֵמָה • עֶר ווייסְט נוּשְׂט וָואס עֶר טוּהְט • אַזוֹ ווירְד דֶער קְלוּגֶר תָּמִיד פַר שְׁוַוארְצְט • אונ דֶער נַאר אוּז תָּמִיד פוּן אוֹבֶן ׃

אוֹיף אֵיין אַנְדֶר אָרְט זָאגְט דוּ גְמָרָא אֵין שׁוּטֶה מַרְגִישׁ • דֶר נַאר פִּיהְלְט נוּשְׂט • אוּז עֶר אֵין אַשְׁלֶעכְטְן שְׁטַאנְד • פִּיהְלְט עֶר נוּשְׂט צוּ וָוס דָם וֶועט אוּהְם בְּרֶענְגְן • פַרְלֵייגְט מֶען זוּךְ אוּהְם שְׁלֶעכְטֶס צוּ טוּאִין • פִּיהְלְט עֶר עֶס גָאר נוּשְׂט אוּבֶּר דֶעם אוּז עֶר תָּמִיד גְזוּנְד אוּנ שְׁטַארְק • אוּנ עֶס פֶעהְלְט אוּהְם קֵיינְמָאל גָאר נוּשְׂט ׃

אִם עַם הָאָרֶץ חָסִיד אַל תָּדוּר בִּשְׁכוּנָתוֹ
(סנת ע"ז ח׳) ·

ווי בַּאלד אַגְרָאבֶּר יוּנְג אִיז צוּ שְׁטַארְק פְרוּם זָאלסְטוּ נוּשְׁט וָואוֹנֶען אוּנ זַיין גַאס · אַז אַפְּרָאסְטַאק וויל צוּ פְרוּם זַיין · אִיז אוּהְם אַלְדוּנְג צוּ וֶוינִיג · עֶר מַאכְט זוּךְ נַייאִי דִינִים אַזוֹ וִויא זַיין גְרָאבֶּר קָפּ פַּרְטְרָאגְט · עֶר טוּהְט מַאנְכְּס מָאל אַזוֹנִי זַאכֶן וָוס מֶען טָאר נוּשְׁט · פּוּנְקְט פַּרְקֶערְט פוּן דֶעם דִין · אוּנ עֶר רֶעט זוּךְ אַיין אַז נָאר אַזוֹ דִיהְנְט מֶען גָאט · אוּנ דָארְךְ דֶעם אִיז דֶער לַמְדָן אִיז זַייני אוֹיגֶן נוּשְׁט פְרוּם · וָוארְן עֶר טוּהְט דָאךְ נוּשְׁט אַזוֹ וִויא עֶר · וויל אוּהְם דֶר תַלְמִיד חָכָם בַּלֶערְנֶען · הֶערְט עֶר אוּהְם גָאר נוּשְׁט-אוֹיס · אָדֶר עֶר שְׁרַייט אוּהְם נָאךְ אָן אוּנ זָאגְט דוּא בִּיסְט נוּשְׁט פְרוּם · אוּבֶּר דֶעם אִיז דָאס קְלוּגְסְטוּ אוּהְם אוֹיס צוּ וַוייכֶן אוּנ מִיט

אוּהם

אוהם גאר נושט צו רעדן ·
אנחה שוברת חצי גופו של אדם (ברכות נח ב) ·

דאס זארגן צו ברעכט דם האלבן מענש · שוועדי ארביט מאכט דעם מענש גזונד אונ שטרק ; אבער קאפ ארביט · דם הייסט דאגות אונ זארגן · דאס נעמט ארויס דעם מארך אויס דיא ביינר אונ פרקערצט דאס לעבן · מור זעהן דאס פויארן · טרעגרם . האלץ העקרם אונ האנד ווערקרם · לעבן לאנג אונ זענן תמיד גזונד ; אבער מלכים · מיניסטרם אונ דיא גרעסטו עשירים לעבן נושט לאנג אונ ליידן אלו מאל אויף איין אנדרי קראנקהייט · אובר דעם אוז דאס בעסטו נושט צו פוהל צו זארגן · נושט צו הויך צו פליאן · נושט איינצווייסן דיא וועלט · מען דארף נאר צו טראכטן פרנסה צו האבן · אבר צו פוהל גשעפטן צו פוהל עשירות · דאס שניידט אוהם אפ דיא יאהרן ·

**אַפִילוּ חֶרֶב חַדָה מוּנַחַת עַל צַוָארוֹ שֶׁל אָדָם לֹא יִמְנַע עַצְמוֹ מִן הָרַחֲמִים** (ברכות י א).

ווען עס לוגט שון אַפִילוּ דעם מענש דוא שווערט אויף דעם האלז · זאל ער נושט אויף הערן גאט צו בעטן · דר מענש טאר קיינמאל דוא האפנונג נושט פרליהרן · אונ אפילו עס גייט אוהם אזו שלעכט · אז ער מיינט ער קאן שון גאר נישט גהאלפן ווערן · זאל ער דאך האפן צו גאט · וואָרן דר מענש איז בלוגד אונ קאן נישט זעהן וואס שפעטר וועט זיך טואין · ער קאן אין איין איינציגן אויגן בליק גהאלפן ווערן ער זאל גאר אליין נישט וויסן פון וואנין עס איז גקומן · מור זעהן זאלכי זאכן אלי טאג · דא לוגט אקראנקר וואס אלי דאקטורים זאגן עס איז אוהם נושט צו העלפן · ער וועט העכסטנס נאך איין איינציגי שעה לעבן

לֶעבּן • דֶר וַוייל שׁוּקט אוּהְם גָאט אַגוּטֶן שְׁוֶויים מֶען וֶוייסט נִישְׁט ווִי דוּא קְרַאנְקְהַייט אוּז אַהוּן גְקוּמֶן • אִין עֶטְלִיכִי טָאג אַרוּם אוּזֶ ער גְזוּנְד אוּנ שְׁטַארְק • אַיינֶר אוּז אַיין אֶבְיוֹן עֶר הָט נוּט אַשְׁטִיקֶל בְּרוֹט אוּנ מֵיינְט עֶר אוּז שׁוֹן פַרלוֹרֶן אוּיף אַייבּוּג • אוּיף אַיינְמָאל טְרֶעפְט זוּךְ אוּהְם אַקְלֵיין גְשֶׁעפְטֶל • עֶר הֵייבְּט אָן דֶער פוּן צוּ וַואקְסֶן • אִין עֶטְלִיכִי יָאר אַרוּם אוּז עֶר שׁוֹן אַגְרוֹסֶר עוֹשֶׁר •

**אוֹסִיפַת מַיָא אוֹסִיף קֶמַח** (בּרלס״ת רכ״ס) •

הָאסְטוּ צוּ גְנָאסֶן וַואסֶר • מוּזְטוּ אוּיךְ צוּ שִׁיטֶן מֶעהְל • דוּא ווִילְסְט הָאבֶן מֶער טֵייג אוּבֶּר דֶעם גִיסְטוּ צוּ מֶעהְר וואַסֶר ווָארְן דָאס קָאסְט דִיךְ נִישְׁט • אָבֶּר מֶעהְל גְלוּסְט זוּךְ דוּר נִישְׁט צוּ צוּשִׁיטֶן וַוייל עֶס קָאסְט • דָאס אוּז אָבֶּר פַאלְשׁ ווָארְן וֶועדְלוּג דֶם וַואסֶר אָזוֹ פוּהְל מֶעהְל מוּז זַיין

זיין · אַזו אוז בַיי אַלוּ זַאכן · הָאסְטוּ מֶעהְר גְרֶעט מוּזְטוּ צָאהְלֶן מֶעהְר וֶועש גֶעלְד הָאסְטוּ מֶער הַייזֶר מוּזְטוּ צָאהְלֶן מֶעהְר שְׁטַייֶער · פִּיהְרְסְטוּ אַגְרֶעסְר הויז · מוּזְטוּ הָאבֶּן מֶעהְר הוֹצָאוֹת · דוּא בַּקְקָאנְסְט דוּךְ אַז פַּר עֶטְלְכִי יָאר הָאסְטוּ נוֹשְׁט מֶעהְר בַּדַארְפְט נָאר צֶעהְן רַיינִש אַוָואךְ · אוּנ אצוּנְד מוּזְטוּ הָאבְּן פִּיפְצִיג רַיינֶש · בַּרֶעכְן דוּךְ אָבֶּר אַז דֶעמָאלְט הָאסְטוּ קוֹים פַּרְדִיהֶנְט דוּא צֶעהְן רַיינִשׁ · אוּנ צוּנְד פַּרְדִיהְנְסְטוּ הוּנְדֶרְט רַיינִשׁ: אַזוֹ אוּז בַּיי אַלִי זַאכֶן · אֵיינְס צוּהְט זוּךְ נָאךְ דֶעם אַנְדֶרְן ·

אֵין עוֹשִׂין נְפָשׁוֹת לַצַדִיקִים מַעֲשֵׂיהֶם הֵן הֵן זִכְרוֹנָם (ירושלמי סקלים) ·

דֶעם צַדִיק דַארְף מֶען קֵיין מַצֵבָה נוֹשְׁט שְׁטֶעלְן · וָוארְן מֶען גְדֶענְקְט אוּהְם דָארְךְ דֶעם גוּטְס וָוס עֶר הָאט גְטוּאָן · דוּ מַצֵבָה אוּז כְּדֵי מֶען זָאל אוּנ דוּ שְׁפֶּעטֶרִי דוֹרוֹת וִויסְן אַז עֶס אוּז אמאל

אַמָאל גְוֶועזן אַמֶענְשׁ עֶר הָט אַזוֹ אוּנ אַזוֹ גְהֵייסְן
דָאס אִוז אָבֶּר נָאר פַר דֶעם פְּרָאסְטְן מֶענְשׁ ׃
אוּנ אוֹיךְ נוּצְט דָאס נוּשְׁט פוּהְל ׃ וָוארְן וָואס
הָאט מֶען דֶר פוּן אַז מֶען וֵוייסְט שׁוֹן אַז עֶס הָט
אֵיינֶר אַמָאל גְלֶעבְּט וָוס עֶר הָט גְהֵייסֶן אִיצִיק
אָדֶר בֶּערִישׁ ׃ אָבֶּר דֶר צַדִיק דֶר חָכָם ׳ זַיין נָאמֶן
בְּלַייבְּט אֵייבּוּג ׳ עֶר דַארְף נוּשְׁט אַמַצֵבָה מוּזָאל
אוּהְם גְדֶענְקְן ׃ וָוארְן זַייְנִי גוּטִי מַעֲשִׂים קָאנֶן
נוּשְׁט מוּזָאל אוּהְם פַר גֶעסְן ׃ דָא שְׁטֵייט אַשׁוּל
וָוס עֶר הָאט גְמוּיאֶרְט ׃ דָרְטְן אִוז דָא אַסֵפֶר וָוס
עֶר הָאט גְמַאכְט ׃ דָא דֶרצֵיילְט אֵיינֶר פוּן דֶער
גְרוֹסִי צְדָקָה וָוס עֶר הָאט גְגֶעבְּן ׃ אוּנ דָארְט
שְׁמוּסְט מֶען פוּן אַגְרוֹסִי טוֹבָה וָוס עֶר הָאט גְטוּאָן
פַר דֶר שְׁטָאט ׃ דָא רֶעט מֶען פוּן זַיין פְרוּמְקֵייט ׃
אוּנ דָארְט לֶערְנְט מֶען זַיין חָכְמָה ׃ דָאס גֵייט אַזוֹ
פוּן אֵיין דוֹר צוּם אַנְדֶרן ׃ אוּנ זַיין נָאמֶן בְּלַייבְּט
אוֹיף אֵייבִּיגִי צַייטְן ׃ דָאס אִוז טוֹיזְנְד מָאל בֶּעסֶר

פון

פון דעם פּראָסטן שטיין׃ מענש · ווילסטו מזאל דוך גדענקן · זאָלסטו דוך נושט פּרלאָזן אויף דער גרוסי מצבה וואָס דו ווערסט דור לאָזן שטעלן נאָך דעם טוט · דר גרוסר שטיין אוז טאקי נאר אַפּראָסטי שטיין אונ ווערט דור גאר נושט העלפּן · שטעל דור ליבר ביי דעם לעבן אַמצבה ווס זוא אוז בעסור פון אַבלוסן שטיין · זייא פרום אונ גוט · גוב פוהל צדקה לאז אובר הייזר אויף עולמות · מאך אַפּאנד צו אונטרשטיצן יתומים או אַלמנות · טוא אנדרו גוטי זאכן וואָס מזאל זיי אייביג גדענקן · דארך דעם ווערט דיין נאָמן קיינמאל נושט אויף הערן · אונ מען ווערט דוך תמיד בענשן אונ לובן ·

# אם ראית תלמיד חכם שעבר עבירה בלילה אל תהרהר אחריו

ביום

בְּיוֹם (ברכות י"ט א')

הָאסְטוּ גְזֶעהְן וויא אַלְמְדָן הָאט גְטוּאוּן אַשְׁלֶעכְטוּ זַאךְ בַּייא דֶר נַאכְט טָארְסְטוּ שׁוֹן אוּנ דֶר פְרוּה עֶס גָאר נִישְׁט אוּנ זִין הָאבְּן · וָוארן עֶר הָאט גְוִויס תְּשׁוּבָה גְטוּאוּן : אֲפִילוּ דֶעם גְרֶעסְטְן חָכָם אוּנ דֶעם גְרֶעסְטְן צַדִיק קוּמְט אַמָאל אָן אַשָׁעה וָואס עֶר בַּאגֵייט אַפֶּעהְלֶר גְרַייךְ מוּט דֶעם פְרָאסְטַאק · נָאר דֶרחִילוּק אוּז אַזוֹ · דֶר פְרָאסְטַאק הָאט קֵיין מָאל קֵיין חֲרָטָה נִישְׁט · וָורן עֶר פוּהְלְט דָאךְ גָאר נִישְׁט וְויא שְׁלֶעכְט דוּא זַאךְ אוּז וָואס עֶר הָאט גְטוּאוּן · אָבֶר דֶר גְלֶערְנְטֶר דֶר אֵיידְלֶר מֶענְשׁ אוּבֶּר לֵייגְט זוּךְ בַּאלְד אוּנ זֶעהְט אַיין וְויא שְׁטַארְק עֶר הָאט גְפֶּעהְלְט · אוּנ דָאס אוּז גַאנְץ גְוִויס אַז עֶר הָאט שְׁטַארְק חֲרָטָה אוּנ טוּהְט תְּשׁוּבָה דְרוּיף :

בְּהֶדִי

## בְּהָדֵי הוּצָא דָקָא כַּרְבָּא (בבא קמא יג א׳)

מוט דֶעם דָארְן ווירְד דֶר הַארְבּוּז גִשְׁלָגְן: אַז עֶס פַּאלְט אַיין אוּמְגְלוּק אוֹיף דֶעם שְׁלֶעכְטְן מֶענְשׁ, טְרֶעפְט עֶס אוֹיךְ דֶעם עֶרְלִיכְן מַאן וְואס עֶר אִיז אַחַבֵר מוּט אוֹהְם, אַזוֹ וְויא עֶס אִיז מוּט דֶעם הַארְבּוּז וֶוען עֶר וַואכְסְט נֶעבְן דֶעם דָארְן, אֶז מֶען רַייכְט אוֹיס דֶעם דָארְן, ווירְד עֶר אוֹיךְ אוֹיס גְרִיסְן, חָאטְשׁוּ מוּהָאט עֶס גָאר נִשְׁט גְוָואלְט, אוּבֶּר דֶעב מוּז מֶען זוּךְ שְׁטַארְק הוּטְן מוּט דֶעם שְׁלֶעכְטְן מֶענְשׁ קֵיין פְרַיינְדְשַׁאפְט אוּנ קֵיין גְשֶׁעפְטְן נוּשְׁט צוּ הָאבְן:

## בֵּירָא דְשָׁתִית מִנֵיהּ מַיָא לָא תִשְׁדֵי בֵיהּ קָלָא (בבא קמא צ״ב ב׳)

אוּנ דֶר בְּרוּנוּ וְואס דוּ הָאסְט אוּס אוּר

וואסר

וַואסֶר גֶטְרוּנְקֶן זָאלְסְטוּ קֵיין שְׁטֵיין נוּט אַרַיין וואַרְפֶן ׃ אַז דוּא הָאסְט אַמָאל פוּן אַמֶענְשׁ אַטוֹבָה גֶהַאט טָארְסְטוּ אוּהֶם שׁוֹן קֵיין מָאל קַיין שְׁלֶעכְטֶס נוּשְׁט טוּאִין ׳ אֲפִילוּ עֶר הָאט גָאר נוּט אוּנ זוּן גֶהַאט. דוּר דוּא טוֹבָה צוּ טוּאִין ׳ נָאר זוּא אוּז דוּר אַלֵיין גֶקוּמֶן דָארְךְ אוּהֶם אָן זַיין אֵייגֶנֶם ווִילְן ׃ מוּזְטוּ טֶס אַלְץ גֶדֶענְקֶן ׳ אַקָרַאט ווִיא דוּא בְּרוּנוּ הָאט אוּיךְ נוּשְׁט גֶווִיסְט אַז דוּ טְרוּנְקְסט אוּס אוּר אוּנ דוּ הָאסְט פָּארְט פוּן אוּר הֲנָאָה גֶהאט ׃ עֶס אוּז אַמָאל גֶוֶועזְן אַווִיכְטוּגוּ שַׁאֲלָה אוּבֶּר אַמִקְוֶה אוּנ מְהָאט דוּא שַׁאֲלָה גֶשׁוּקְט צוּ אַגְרוֹסְן רָב עֶר הָאט אָבֶּר גֶעֶנְפֶרְט אוּךְ טָאר אוּנ דֶער דָאזוּגֶר זַאךְ קֵיין דֵעָה נוּשְׁט זָאגְן וָוארן עֶס קָאן דָאךְ מוּר אוּס כוּמֶן צוּ פַּסְלִין דוּא מִקְוֶה אוּנ דָאס ווִיל אוּךְ נוּשְׁט ׃ וַוייל אוּךְ הָאבּ מוּךְ

עֶטְלִכוּ מָאל אוּנ אוּר גִבָּאדְן אוּנ הָאבּ פוּן אוּר הַנָאָה גִהַאט׃

## בּוּצִין בּוּצִין מִקִטְפֵיה יְדִיַע (ברכות מח א)

פוּן דוּא בְּלוּהְטֶן קַאן מֶעז שׁוֹן דֶרְקֶענְן וָואס פַר אַפֵּירִי עֶס וֶועט אַרוֹיס קוּמְן׃ וֶוען דָאס קוּנְד אוּז נָאךְ יוּנְג קַאן מֶען שׁוֹן דֶר קֶענְן פוּן זַיין אוֹיף פוּהְרוּנְג וָואס פַר אַמֶענְשׁ עֶס וֶועט זַיין. אוּנ צוּ וָואס עֶר הָאט חֵשֶׁק צוּ לֶערְנְן. אוּבֶּר דֶעם מוּז מֶען יוּנְגֶר הַייט אוֹיף אוּהְם גוּט אַכְטוּנְג גֶעבְּן. וָוארְן אַז עֶס וַוייזְן זוּךְ אוּנ אוּהְם שְׁלֶעכְטוּ מִדוֹת אוּז נָאךְ דֶעמָאלְט צַייט בֶּעסֶר צוּ מַאכְן׃ כָּל זְמַן דֶס בֵּיימְלוּ אוּז יוּנְג אוּז עֶס לַייכְט צוּ בֵּייגְן אוּנ ווִידֶר מוּז מֶען אוּהְם לָאזְן לֶערְנְן דָאס דָאזוּגוּ וָואס עֶר הָאט לוּסְט דֶר צוּ. אוּנ צוּ וָואס זַיין שֵׂכֶל אוּז פֶעהוּג׃

## בַּתַר עַנְיָא אַזְלָא עַנְיוּתָא (חולין ק"ס ס')

נָאךְ דֶעם אָרוֹמַאן גֵייט דָאס אָרוֹמְקֵייט
אַז אֵיינֶר אִוז אָרוּם לִיגְט אוֹהְם דָאס אָרוֹמְקֵייט
אוֹיף דֶעם פָּנִים. אוּנ אוֹיטְלִכֶר דֶר קֶענְט אָן
אוֹהְם אַז עֶר אִוז אָרוּם אוּנ ווִידֶר אַז אֵיינֶר אִוז
אֵיין אָרוֹמַאן גֵייט אוֹהְם דָאס אוּמְגְלִיק נָאךְ
עֶר מֶעג נֶעמְן גָאלְד אוּנ דֶר הַאנְד אַרַיין.
ווִירְד עֶס בְּלָאטוּ' אוּנ צוּ וָואס עֶר ווֶענְדֶט
זִיךְ קוּמְט אוֹהְם אַלְץ שְׁלֶעכְט אוֹיס: דֶר אַבְּן
עֶזְרָא אִוז זֵייעֶר אָרוּם גְוֶועזְן אוּנ צוּ וָואס עֶר
הָאט זִיךְ גְנוּמְן הָאט אוֹהְם אַלְץ נִישְׁט גְגְלִיקְט
אוֹבֶּר דֶעם הָאט עֶר אוֹיף זִיךְ גְשְׁרִיבְּן. וֶוען
אִיךְ זָאל הַאנְדְלְן מִיט תַּכְרִיכִים וָואלְט קֵיינֶר
נִישְׁט גִישְׁטָארְבְּן:

אוּנ עֶס אִוז אוֹיךְ גַאנְץ נַאטִירְלִיךְ דֶעם
אָרוֹמַאן קָאן עֶס נִישְׁט גוּט גֵיין: עֶר אַנְטְלַייט
זִיךְ

זוך עֶטְלוּכוּ רַייִנְשׁ אוּנ קוֹיפְּט פּוּפְצוּג ְהארוּץ וֶוייץ צוּ אַכְט רַיינוּשׁ דֶעם קָארִיץ • וויא דֶר' וֶוייץ כוּמְט אָן שְׁטֵייט דֶר ְהארוּץ צוּ זוּבְּן רַייִנְשׁ דֶר עוֹשֶׁר אַיילְט זוּךְ נוּשְׁט אוּנ שוּט דֶעם וֶוייץ אָפּ אוּנ שְׁפַּאחְלֶךְ אוּנ עֶר וַוארְט בּוּז עֶס ווירְד טַייאַרֶר דֶר אָרוּמַאן ְקאן אָבֶּר נוּשְׁט אוֹיס הַאלְטְן אוּנ מוּז פַּר קוֹיפְן צוּ זוּבְּן רַייִנְשׁ אוּנ ווירְד נָאךְ מֶעהְר אָרוּמַאן : אַזוֹ אוּז בַּיי יֶעדֶר זַאךְ • אֵז מְהָאט גֶעלְד קָאן מֶען שְׁפֶּעכוּלִירֶן אָבֶּר אַז מֶען אוּז אָרוּם • ווִירְד מֶען בַּייא יֶעדֶר גֶלֶעגֶנְהֵייט אוֹיס גְרוּבְּן :

## בָּתַר רֵישָׁא גוּפָא אָזִיל (עירובין מ"א ע"ב)

דֶר ְהֶערְפֶּר גֵייט נָאךְ דֶעם קָאפּ : דָאס פָּאלְק פוּהְרְט זוּךְ אַזוֹ וויא דֶר רָב • דוּ שְׁטָאט פוּהְרט זוּךְ אַזוֹ וויא דוּא פָּארְשְׁטֶהֶר אוּבֶּר דֶעם מוּזְן דֶר רָב אוּנ דֶר פָּארְשְׁטֶעהְר זֶעהְן

אז

זי זייער אויף פוהרונג זאל זיין ריין וויא גאלד
היינר זאל נושט האבן אויף זייא אוואָרט צו
רעדן וואָרן זאנסט ווירד דוא גאנצו שטאט
שלעכט אונ היינר האט זייא נוישט פר
אובל צו האבן וואָרן זייא זענון פר פוהרט
וואָרן פון דוא גרוסו לייט: אונ האבן פון זייא
אפ גלערנט דאס שלעכטו:

בדרך שאדם רוצה לילך מוליכין אותו (מכות י׳ ב)

אונ דעם וועג וואס דר מענש וויל גיין •
אין דעם פיהרט מען אוהם • גאט האט דעם
מענש דו פרייאהייט געגעבן צו טואן וואס ער וויל.
אונ אויף וואס דער מענש פרלייגט זוך • דאס
פיהרט זוך אוהם: פרלייגט זוך איינר איין ערליכר
מאן צו זיין • שוקט איהם גאט צו אזוני גשעפטן
אז ער קאן ערליך זיין • וויל אבר איינר דוקא
אגנב זיין • פיהרט זוך אוהם שון אזו אז ער הט
תמיד וואס ער וויל •

# בֵּין הָרוֹעֶה וְהַזְאֵב נִבְקַע הַשֶׂה

(מדרש תנחומא) ·

צְווִישֶׁן דֶעם פַּאסְטֶךְ אוּנ דֶעם ווָאלְף ווִירְד צוּרִיסֶן דָאס לֶעמַלִי · דֶר וָואלְף הָאט גוּחַאפְּט אַלֶעמַאלִי · אוּנ דֶר פַּאסְטֶךְ רַייסְט זוּךְ מוּט אוּהְם אוּנ ווִיל עֶס בַּיי אוּהְם אַוֶּועק נֶעמֶן · דֶר ווַייל ווִיא זַיי רַייסֶן זוּךְ ווִירְד דָאס לֶעמַאלִי צוּרִיסֶן אוֹיף שְׁטִיקֶר · אַזוֹ אוּז בַּיי אַלִי פְּרָאצֶעסֶן · צְווַיי לָאדֶן זוּךְ אוּבֶּר גֶעלְד אָדֶר אוּבֶּר אַהוֹיז · דָאס דוֹיאֶרְט אַלַאנְגִי צַייט · דֶר נָאךְ אַז אַיינֶר גֶווִינְט אַפִּילוּ דֶעם פְּרָצֶעס · זֶעהְט עֶר עֶרְשְׁט אַז עֶס אוּז אוּהְם גָאר נוּשְׁט גִבְלִיבֶּן · ווָארֶן שְׁטֶעמְפֶּל אוּנ טַאקְסִי אוּנ שְׁרַייבּ גֶעלְד אוּנ דוּא אַנְדֶערִי הוֹצָאוֹת הָאבֶּן מֶעהְר בַּטְרָאפֶן ווִיא פוּהְל עֶר הָט גִיווִינֶן · אוּבֶּר דֶם אוּז דָם בֶּעסְטוּ זוּךְ תֵּיכֶּף צוּ פַרגְלַייכֶן · אוּנ ווִי פוּהְל מֶען נֶעמְט שְׁנַיידְט מֶען אַלְץ בֶּעסֶר אֵפּ ווִיא פוּן דֶעם פְּרָאצֶעס : דָאס מָשָׁל לֶערְנְט אוּנְז נָאךְ עֶפּוּס

עֶס טְרֶעסְט זוּךְ זַייעֶר אָפְּט • אַז וֶוען צְוֵוייא קְרִיגְן זוּךְ גִיסְט אַיין אוּמְשִׁילְדִיגֶר דָאס בָּאד אוּיס • מַאן אוּנ וַוייבּ קְרִיגֶן זוּךְ • דֶר וַוייל ווִירְד דָאס קִינְד פַרשְׁוַוארְצְט • דֶר פָּאטֶר יָאגְט עֶס פוּן זוּךְ אַוֶועק אוּנ זָאגְט גֵייא צוּ דֶר מַאמִין • וָוארִן עֶר וויל דָאךְ אִיר לְהַכְעִיס טוּאִין • זִיא טְרַייבְּט עֶס ווִידֶר צוּרִיק צוּם טַאטִן • דֶר וַוייל לַיידְט נֶעבְּךְ דָאס בִּידְנִי קוּנְד אוּנ קֵיינֶר קוּקְט זוּךְ דְרוּיף נוּשְׁט אוּם • דוּא שְׁטָאט קְרִיגְט זִיךְ מוּט קָהָל • אוּנ אֵיינֶס טוּהְט דֶעם אַנְדֶרן אַלֶרְלֵייא לְהַכְעִיס • דֶר וַוייל גֵייאן צוּ גְרוּנְד אַלִי שְׁטָאט זַאכֶן • עֶס גִיט קֵיינֶר נִישְׁט אוּיף דוּא שִׁילְן • אוּיף דֶער תַלְמוּד תוּרָה • אוּיף דֶעם שְׁפִּיטָאל • אוּנ אַפִּילוּ עֶס ווִירְד אַמָאל שָׁלוֹם צְווִישֶׁן זֵיי • אוּז דוּ מַכָּה נוּשְׁט מֶעהְר צוּ הַיילִן :

בִּשְׁלשָׁה דְבָרִים הָאָדָם נִיכָּר בְּכוֹסוֹ בְּכִיסוֹ בְּכַעְסוֹ (מדרש תנחומא) ׃

בַּיי דְרַייא זאכן דֶרקענְט מֶען דֶעם מֶענְש ׃ בַּיי דֶעם גְלָאז ׃ בַּיי דֶעם גֶעלְד אונ בַּייא דֶעם כַּעס ׃ בַּיי דֶעם גְלָאז דֶר קֶענְט מֶען דֶם מֶענְש וָוארן אַקְלוּגֶר מֶענְש טְרִינְקְט נוּשְׁט פוּהְל אונ הִיט זוּךְ שְׁטַארְק עֶר זָאל נוּשְׁט שִׁכּוֹר זַיין ׃ טְרִינְקט עֶר אָבֶּר פוּהְל אונ פַּרדְרַייט זוּךְ דֶעם קָאפּ ׃ אוּז עֶר גָאר נוּשְׁט ווֶערְט דֶם נָאמְן מֶענְש צוּ הֶבּן ׃ טְרֶעפְּט זוּךְ אָבֶּר אַמָאל אַז עֶר הָאט גְמוּזְט צוּ פוּהְל טְרִינְקְן ׃ אִיז אוֹיךְ אַחִילוּק צְווִישְׁן דֶם אֵיידְלְם אונ דֶם גְרֶבְּן מֶענְש ׃ דֶער אֵיידְלֶר מֶענְש פִיהְלְט בַּיי זוּךְ אַז דֶר קָאפּ אוּז אוּהם צוּ הֵיים ׃ אִיבֶּר דֶעם רֶעט עֶר נוּשְׁט פוּהְל אונ לֵייגְט זוּךְ שְׁלָאפְן ׃ אָבֶּר דֶער גְרָאבֶּר מֶענְש אוּז עֶרְשְׁט דֶעמָאלְט שְׁטַארְק לוּסְטִיג ׃ עֶר טוּהְט גְרוֹסִי נַארִישְׁקֵייטְן אונ פְּלוֹידֶרְט פַאר פַּייאֶר אונ פַאר וַואסֶר ׃ אַזוֹ וִוי דָאס אַלְטִי שְׁפְּרֶעךְ וָוארְט זָאגְט ׃ ווָס בַּיי אַנִיכְטֶערְנְם אוֹיף דֶר לוּנְג ׃ אוּז בַּיי אַשִׁכּוֹר אוֹיף דֶר צוּנְג ׃ בַּיי דֶעם גֶעלְד דֶער

קענט

קֶענְט מֶען אוֹיךְ דֶעם מֶענְשׁ • וְויא אָפְּט מֵיינְט מֶען אוֹיף אֵיינִם אַז עֶר אִוּז דֶר בֶּעסְטִי פְּרַיינְד • קוּמְט עֶס אָבֶּר עֶר זָאל הֶעלְפְן מִוּט גֶעלְד • ווייל עֶר יֶענִם גָאר נוּשְׁט קֶענְן • אוּנ דוּא גַאנְצִי פְּרַיינדשַׁאפְט הֶערְט אוֹיף • עֶס דַאכְט זוּךְ אַמָאל אוֹיף אֵיינֶם אַז עֶר אִוּז זַייעֶר גוּט אוּנ גְלַאסֶן • הָאט עֶר אָבֶּר נָאר אוּם מִינְדְסְטְן צוּ טוּאִין וֶועגן גֶעלְד • ווירְד עֶר ווילְד אוּנ שְׁלֶעכְט אוּנ וָואקְט גֶערן יֶענִם צוּרִיסן אוֹיף שְׁטִיקֶר : אִין דֶעם כַּעס דֶר קֶענְט מֶען אוֹיךְ דֶעם מֶענְשׁ • דֶער גִזֶעצְטִי מֶענְשׁ הַאלְט זוּךְ שְׁטַארְק אַיין אִין צָארן • עֶר בֵּייזֶערְט זוּךְ טַאקִי אָבֶּר אַלֵין גְלַאסן אַלֵין גְזֶעצְט • אָבֶּר וֶוער עֶס הָאט נוּשְׁט קֵיין שֵׂכֶל לָאזְט אוּס דֶעם גַאנְצְן צָארן אוֹיף אֵיינְמָאל עֶר אִוּז ווילְד ווי אַבֵּייזִי חַיָה אִין וַואלְד • עֶר טוּהְט אַזוֹנִי שְׁלֶעכְטִי זַאכְן וָוס עֶר הָט שְׁפֶּעטֶר שְׁטַארְק חֲרָטָה • עֶר קָאן עֶס אָבֶּר נוּשְׁט מֶעהְר פַּרְבֶּעסֶרן • ווי אָפְּט צוּבְּרֶעכְט אֵיינֶר אִין כַּעס

אַטֵייאַרְן שְׁפִּיגֶל • עֶר וַוארְפְט יֶענִם אוֹיף אַנְפעהֶרְלְכִי זַאךְ וָוס קֵיינֶר הָאט דֶער פוּן נוֹשְׁט גְוִויסְט • מֶעהְרֶערֶע מֶענְשֶׁן הֶערֶן עֶס אוּנ יֶענֶר קוּמְט דֶר דָארְךְ אִין קְרִימִינַאל אַרַיין • ווִי דֶער כַּעס פַרְגֵייט אוּהְם טוּהְט עֶס אוּהְם זֵייעֶר שְׁטַארְק בַּאנְג • אָבֶּר עֶס אִיז שׁוֹן פַרְפַאלְן אוּנ זַיין חֲרָטָה הֶעלְפְט אוּהְם גָאר נוּשְׁט :

**בָּת דִינָא בָּטֵל דִינָא** (סנהדרין ל״ד ה׳) •

וְויא בַּאלְד דֶער דֶעקְרֶעט הָאט אוּבֶּר גְנֶעכְטִיגְט אִיז עֶר גְרִינְגֶר גְוָוארְן • אַז אֵיינֶר אִיז אוֹיף דוּר בֵּייז וַוייל דוּא הָאסְט אוּהְם אֵיין אוּמֶערֶעכְט גֶעטוּאִין • טָארְסְטוּ נוּשְׁט תֵּיכֶף גֵיין אוּהְם אִיבֶּר צוּ בֶּעטֶן • וָוארְן דֶר צָארְן בְּרֶענְט נָאךְ אִין אוּהְם • נָאר דוּא מוּזְט נָאךְ וַוארְטֶן עֶטְלְכִי טָאג בּוּז דֶר עֶרְשְׁטִי כַּעס וֶועט אוּהְם פַּר אִיבֶּר גֵיין • וֶועט עֶס דוּר שׁוֹן גְרִינְג אָנְקוּמֶן • דוּ זָאלְסְט דוּךְ מוּט אוּהְם אִיבֶּר בֶּעטְן :

בְּתַר מָרֵי נִכְסֵי צִיבִי מְשׁוֹךְ (ב"ק נ"ג ב') ·

נָאךְ דֶעם עוֹשֶׁר אִיז גוּט הָאלְץ צוּ טְרָאגֶן ׃
עֶס אִיז גוּט תָּמִיד צוּ זַיין בַּיי אַגְרוֹסֶן מַאן אִין
גְשֶׁעפְט · וָוארן אַפִילוּ דָאס קְלֶענְסְטִי גְשֶׁעפְט
בַּיי אַגְרוֹסן נָגִיד טְרָאגְט אַלְץ מֶעהְר אַיין · פוּן
אַגרֶעסֶר גְשֶׁעפְט בַּיי אַמִיטל מַאן · אָן אַיין עוֹשֶׁר
הָאט מֶען אַיין עוֹשֶׁר ׃ דֶר עוֹלָם זָאגְט דְרוּיף
אַוֶוערְמִל · בַּיי אַשְׁוֶוערן וָואגן אִיז גוּט צוּ פוּס צוּ
גֵיין · דוּ מֵיינוּנְג דֶר פוּן אִיז אַזוֹ · בַּייא אַגְרִינְגְן
וָואגן טָאר מֶען נוּשְׁט צוּ פוּס גֵיין · וָוארן מֶען
קָאן זוּךְ אוּיף אוּהם נוּשְׁט פַּרלָאזן · אַיידֶר מֶען
קוּקְט זוּךְ אוּם · אִיז דֶר וָואגן שׁוֹן אַוֶועק גְפָאהְרֶן
אוּנ אַז מֶען וֶוירְד מִיד הָט מֶען זוּךְ נוּשְׁט וִוי אָפּ
צוּ רוּאִין · אָבֶר בַּיי אַשְׁוֶוערן וָואגן מֶעג מֶען
גַאנְץ גְלַאסֶן צוּ פוּס גֵיין · וָוארן דֶר וָואגן
פָאהְרְט גַאנְץ פַּאוָואלְיֶע אוּנ מֶען אִיז תָּמִיד נֶעבְּן
אוּהְם · אוּנ וִוי בַּאלְד מֶען וֶוירְד מִיד · זֶעצְט מֶען

זוּךְ

זוך אין אוהם אַריין ׃
בְּנֵי אָדָם דוֹמִים לְעִשְׂבֵּי הַשָּׂדֶה הַלָּלוּ נוֹצְצִין הַלָּלוּ נוֹבְלִין (עירובין כ״ד ג׳),

דוא מֶענְשֶׁן זֶענִי אַזוֹ וִויא דִיא קְרֵייטֶכְצֶר אוֹיף דֶעם פֶעלְד ׃ דִיא בְּלִיאֶן אוּנ דוא וֶוערן פֶרְווִייאַנִיט ׃ אֲפִילוּ דֶר מֶענְשׁ אוּז נָאךְ אַזוֹ גְרוֹס אוּנ נָאךְ אַזוֹ רַייךְ ׃ טָאר עֶר זוך נִישְׁט בְּגַאֲוָה הַאלְטֶן ׃ וואָרן עֶר אוּז וִוי אַפְּרָאסְטִי גְרָאז ׃ הַיינְט אוּז עֶס גְרִין אוּנ פְרִישׁ ׃ אוּנ מָארְגְן אוּז עֶס גֶעל אוּנ פַרְדַארְט ׃ דוא שֶׁענְסְטִי רוֹז אַז זִיא הָאט נָאר צְוֵוייא טָאג קֵיין רֶעגְן נוֹשְׁט פַאלְן פוּן אִיר אָפּ דוּ בְּלֶעטֶר ׃ אוּנ אִיר גַאנְצִי שֵׁיינְקֵייט הֶערְט אוֹיף ׃ דֶר מֶענְשׁ אוּז אוֹיךְ אַזוֹ ׃ עֶס קוּמְט נָאר אוֹיף אוֹהם אַשְׁלֶעכְט ווינְטֶל ׃ לָאזְט זוךְ אוֹיס דוּ גַאנְצוּ גְדוּלָה אוּנ דָאס גַאנְצִי עֲשִׁירוּת ׃ דוּ וֶועלְט דְרֵייט זִיךְ ׃ הַיינְט אוּז רְאוּבֵן גְרוֹס אוּנ שִׁמְעוֹן בּוּקְט זוךְ צוּ אוֹהם ׃ מָארְגְן אוּז ווידֶר שִׁמְעוֹן

גרוס

גְרוֹס אוּנ רְאוּבֵן קוּשְׁט אוּהְם דִיא פִּים ׃

בַּר דְלָא בַּר שַׁבְקֵיה עַל אַפֵּי מַיָא לֵישׁוּט (בֶּן סִירָה) ׃

וֶוען דֶר זוּהְן אוּז נוּשְׁט וִויא אַזוּהְן דַארְף זַיין ׃ לָאז אוּהְם שְׁווִימוּנאוֹיף דֶעם וַואסר ׃ דֶער עִיקָר ווְאס פָאטֶר אוּנ מוּטֶר אַרְבִּיטְן אוּז נָאר פַּר דוּא קוּנְדר ׃ אוּנ עֶס אוּז רֶכְט מְזָאל זוּךְ פוּן זַיין אֵייגֶן מוֹיל אָפּ שְׁפָּארן כְּדֵי דָאס קוּנְד זָאל הָאבְּן אַלְדִינְג וָואס עֶר דַארְף ׃ אָבֶּר ווען מְהָט אַשְׁלֶעכְטְן זוּהְן וָוס עֶר גֵייט אִין שְׁלֶעכְטְן וֶועג אוּנ עֶר לָאזְט זוּךְ נוּשְׁט לֶערְנְן ׃ מֶען פְּרִיבְט בֵּיי אוּהְם מוּט גִיטְן אוּנ מוּט בֵּייזְן ׃ אוּנ עֶס הֶעלְפְּט נוּשְׁט ׃ אוּז דָאס בֶּעסְטוּ אוּהְם אַרוֹיס צוּ טְרַייבְּן ׃ וָוארן אַז עֶר וֶועט זוּךְ מִיזְן זוּכִין דָאס שְׁטִיקְל בְּרוֹט ׃ אוּנ וֶועט נוּשְׁט הָאבֶּן וִוי דֶעם קָאפּ אַנִידֶר צוּ לֵייגְן וֶועט עֶר שׁוֹן בֶּעסר וֶוערְן ׃

גַבְרָא רַבָּא אָמַר מִלְתָא לָא תְּחִיכוּ עֲלֵיהּ (בְּרָכוֹת יט ב) ׃

וָוען אַגְרוֹסֶר מַאן זָאגְט עֶפּוּס זָאלְסְטוּ אוֹיס אוּהְם נוּשְׁט לַאכֶן: אַלְדוּנְג וָואס דֶער הֶלוּגֶר רֶעט אוּז לוֹיטֶער חָכְמָה. אוּנ אַפִּילוּ דוּ הֶערְסְט אוּהְם אַמָאל אַזוֹנְס רֶעדְן וָוס עֶס דַאכְט זוּךְ דוּר. עֶס אוּז אַנַארִישְׁקֵייט. טָארְסְטוּ דְרוּבֶּר נוּשְׁט לַאכֶן. נָאר דוּ מוּזְט אָן הֶענְגְן אָן דוּר אַז דוּ פַּרְשְׁטֵייסְט נוּשְׁט וָוס עֶר הָאט גְמֵיינְט:

גָדוֹל הַמְצוּוֶּה וְעוֹשֶׂה מִמִּי שֶׁאֵינוֹ מְצוּוֶּה וְעוֹשֶׂה (קדושין ל״א א׳)

דֶר וָוס עֶר טוּהְט וָואס מְהָאט אוּהְם גְבָּאטְן. אוּז גְרֶעסֶר פוּן דֶעם וָוס עֶר טוּהְט וָואס מְהָאט אוּהְם נוּשְׁט גְבָּאטְן: דֶער מֶענְשׁ דַארְף נוּשְׁט מֶעהְר טוּאֶן נָאר דָאס וָואס גָאט הָאט אוּהְם גְהֵייסְן אוּנ הַלְוַאי עֶר זָאל קֶענְן דָאס דָאזִיגִי אִין גַאנְצְן הַאלְטְן. אָבֶּר אַז מֶען ווִיל טוּאֶן מֶעהְר ווִי פוּהְל מֶען דַארְף. אַזוֹנִי זַאכְן וָוס גָאט הָט גָאר נִישְׁט גְבָּאטְן. דָאס אוּז זֵייעֶר נַארִישׁ. אוּנ גָאט אוּז

קְלוּגֶר פוּן דוּר • מִן הַסְתָם אַז עֶר הָאט עֶס דוּר
נוּשְׁט גִבָּאטֶן דַארְפְסְטוּ עֶס נוּשְׁט טוּאִין • דָער
עוֹלָם זָאגְט דְרוֹיף אַוֶעקְטֶל מֶען טָאר נוּשְׁט זַיין
וְצִדְקָתְךָ • דָאס הֵייסְט צוּ פְרוּם מֶעהְר וִויא גָאט
הָאט גִבָּאטֶן ׃ אִין ווֶעלְטְלֶכִי זַאכְן אוּז אוֹיךְ אַזוֹי •
טוּהְסְטוּ עֶפּוּס פַאר אַפְרֶעמְדְן • טָארְסְטוּ נוּשְׁט
מֶעהְר טוּאָנָאר וָואס עֶר הָאט דוּךְ גְהֵייסֶן • לְמָשָׁל
עֶר בַּשְׁטֶעלְט בַּייא דוּר דוּא זָאלְסְט אוּהְם אוֹיף
מוֹיאֶרְן אַהוֹיז מוּט פְּרָאסְטִי בְּרִיקְן אוּנ פְּרָאסְטִי
טִירְן • זָאלְסְטוּ נוּשְׁט מַאכְן גִטָאוּוֹלְטִי בְּרִיקְן אוּנ
לַאקִירְטִי טִירְן • וָוארְן דוּא וֶועסְט דֶר פַּר נוּשְׁט
בַּצָאהְלְט וֶוערְן • עֶר וֶועט זָאגְן • וֶוער הָאט עֶס
דוּךְ גְהֵייסֶן מַאכְן • אוּנ עֶר וֶועט אוֹיךְ רֶעכְט הָבְּן ׃
הָאסְטוּ אֵיינִם בַּיי דוּר אִין גְשֶׁעפְט אוּנ עֶר וַוייזְט
זוּךְ דוּר צוּ שְׁטַארְק גִטְרַייא וָואס דוּא פַרְלַאנְגְסְט
גָאר נוּשְׁט פוּן אוּהְם אַזוֹ פוּהְל • זָאלְסְטוּ אוּהְם
גְשְׁוִוינְד אַוֶועק לָאזְן • וָוארְן עֶר אוּז דוּר
פַאלְשׁ • דָאס אוּז אֵיין אֵייבִּיגֶר כְּלָל וָואס צוּ

פוּהְל

פוהל אוז נושְׁט גוט ׃

**גַנְבָא אַפּוּם מַחְתַּרְתָּא רַחֲמָנָא קַרְיָא** (ברכות ס"ג ה')

דֶר גַנָב וֶוען עֶר בּוּאֶרְט דָס לָאךְ אִין הויז אַרַיין צוּ קוּמֶן ׃ בֶּעט עֶר גָאט עֶר זָאל אוּהְם הֶעלְפֶן ׃ עֶס אוּז נוּשְׁט דָא אַיין מֶענְשׁ אִין דֶר וֶועלְט וָואס עֶר הָאט נוּשְׁט גָאט אִין זִין ׃ אַפִילוּ דֶער אַרְגְסְטִי מֶענְשׁ ׃ דֶר גַנָב וֶוען עֶר גֵייט דוּא גְנֵבָה טוּאִין ׃ רוּפְט עֶר גָאט אוּנ עֶר בֶּעט אוּהְם עֶר זָאל אוּהְם הֶעלְפִן צוּ דֶר גְנֵבָה ׃

**גַם זוּ לְטוֹבָה** (סנהדרין ק"ח ה') ׃

דָס אוּז אוֹיךְ צוּ גוּטֶן ׃ אַזוֹ דַארְף דֶר מֶענְשׁ צוּ זָאגן אוֹיף אִיטְלְכִי זַאךְ וָוס עֶס טְרֶעפְט זוּךְ אוּהְם ׃ אוּנ אַפִּילוּ עֶס גְשֶׁעהְט אוּהְם אַגְרוֹס אוּמגְלִיק ׃ מוּז עֶר אַלְץ זָאגן דָאס אוּז גֶווִיס צוּ גוּטֶן ׃ וָוארן גָאט אוּז אַבַּארְמְהֶ עָרְצִיגֶר פָּאטֶר אוּנ עֶר ווִיל קֵיינֶם קֵיין שְׁלֶעכְטְס נוּשְׁט טוּאִין ׃

אוּנ

אונ דָאס וָואס עֶס דַאכְט זוּךְ אוּנְז עֶס אִיז שְׁלֶעכְט
אִיז זִיכֶר גוּט נָאר מוּר פַרשְׁטֵייאַן עֶס נוּשְׁט ׃
אִיךְ וִויל דוּר גֶעבְּן אַקְלֵיין מָשָׁל ׃ אַגְרוֹסֶר
סוֹחֵר הָאט גְלָאזְט אוֹיף לָאדְן עֶטְלְכֵי בְּרִיקְס
מוּט סְחוֹרָה צוּ פָאהֶרְן קֵיין לֵייפְּצִיג אוֹיף דֶם
יָרִיד ׃ וִוי עֶר הָאט שׁוֹן גְזָאלְט אַוֶועק פָאהֶרְן ׃
אִיז עֶר גְפַאלְן אוּנ הָט גְבְּרָאכְן אַפּוּס ׃ דָארְךְ
דֶעם הָט עֶר גְמוּזְט בְּלַייבְּן אִין דֶר הֵיים מוּט דֶר
סְחוֹרָה ׃ עֶר הָאט דְרִיבֶּר שְׁטַארְק גְוֵוינְט אוּנ
גְקְלָאגְט ׃ וָוארְן עֶר הָאט אַטָאפֶּל אוּמְגְלִיק
עֶר הָאט גְבְּרָאכְן אַפּוּס אוּנ הָאט נָאךְ אָנְגְוואוֹרְן
אַזוֹ אַגְרוֹסְן יָרִיד וָוס עֶר וָואלְט גֶקֶענְט פַרדִיהְנְן
עֶטְלְכֵי טוֹיזְנְד טָאלֶר ׃ אִין עֶטְלְכֵי וָואכְן אַרוּם
קוּמְט אָן אַבְּרִיף אַז דוּא אַנְדֶרִי סוֹחֲרִים פוּן זַיין
שְׁטָאט וָוס זֶענְן אוֹיךְ גְפָאהְרְן קֵיין לֵייפְּצִיג ׃ זֶענְן
אוֹיף דֶעם וֶועג דֶרטְרִינְקְן גְוָוארְן מוּט דוּ בְּרִיקִים
אוּנ עֶס אִיז פוּן זֵיי קֵיין אָנְצֵייכֶנִישׁ נִישְׁט גְבְּלִיבְּן
צוּנְד הָאט דֶר סוֹחֵר אוֹיף גְהוֹבְּן דוּ הֶענְד צוּם

הוּמל

הומל • אונ האט גזאגט אוך דאנק דור גאט פר דעם וואס אוך האב אפוס גבראכן • דאס אומגליק אוז מיין גליק דארך דעם ביסל יסורים בין איך גבליבן ביא מיין לעבן אונ ביא מיין עשירות :

גיורא עד עשרה דרין לא תבזי ארמאה באפיה (סנהדרין לד א)

פאר דעם גר אפילו בוז אין צעהנטן דור אריין זאלסטו קיין גוי נושט מבזה זיין : דוא זאלסט אויף קיינם קיין שלעכטס נושט רעדן אז דו זעהסט זיין קרוב שטייט • אפילו דו ווייסט אז ער האט אוהם פיינט • ווארן חאטשו ער קאן אוהם נושט ליידן • פר דריסט עס אוהם דאך ווען אפרעמדר רעט אויף אוהם •

דאגר גנא אכל צפרין דאגר גנין צפרין אכלין ליה (ילקוט קהלת) ,

וָוער עֶס דינְגְט אֵיין גָארְטֶן • דֶער עֶסְט פֵייגֶל ׃ ווֶער עֶס דינְגְט אָבֶּר פוּהְל גֶערְטְנֶר • דֶעם עֶסן דוּא פֵייגֶל ׃ ווֶער עֶס פִיהְרְט אֵיין אֵיינְצִיג גְשֶׁעפְט רוּהִיג אוּנ גְלַאסֶן • דֶער לֶעבְּט גוּט אוּנ הָאט פוּן דֶר וועֶלְט הַנָאָה • וֶוער עֶס פִיהְרְט אָבֶּר אַסַך גְשֶׁעפְטֶן אוּנ פַרְדְרֵייט זוּךְ דֶעם קָאפּ מוּט פַרְשִׁידֶנִי זַאכֶן • דֶר ווִירְד פַרשְׁוַורצְט עֶר הָאט קֵיינְמָאל קֵיין רוּה נוּשְׁט • אוּנ אַפִילוּ עֶר פַרְדִיהְנְט פִיהְל גֶעלְד • הָט עֶר קֵיין טָאג אוּנ קֵיין נַאכְט נוּשְׁט • אוּנ עֶר פִיהְלְט גָאר קֵיין נַחַת נוּשְׁט פוּן דֶעם לֶעבְּן ׃

הֶדְיוֹט קוֹפֵץ בְּרֹאשׁ (מגלה יז ח) ׃

דֶר נִידְרִיגֶר מֶענְשׁ שְׁפְּרִינְגְט תָמִיד אַרוֹיף • אַז עֶס זֶענְן דָא אִין אַגְזֶעלשַׁפְט גְרוֹסִי לַייט אוּנ מִיטֶל לַייט אוּנ נִידְרִיגִי מֶענְשֶׁן • אוּנ דִיא גְרוֹסִי לַייט רֶעדְן פוּן עֶפּוּס • וֶועט זוּךְ דֶר מִיטְלֶר נוּשְׁט אָן רוּפֶן • ווָארן עֶר טְרַאכְט בַּיי זוּךְ ווִי קוּם אוּךְ

צוּ רֶעדן צְווִישׁן זָאלְכִי מֶענֶר • דֶר נִידְרִיגֶר רוּפְט
זוּךְ אָבֶּר אָן • וָוארן עֶר אוּז אַשַׁייגִיץ : עֶר קָא
זִיךְ נוּשְׁט • אוּנ מֵיינְט אַז אִיטְלְכֶר אוּז צוּ אוּהְנ
גְלַייךְ : אַז עֶס אוּז אִין אַשְׁטָאט דָא דֵיעוֹת
אִיבֶּר אַרָב אָדֶר אַרֶעגִירֶער : וָועט זוּךְ דֶר מִיטֶ
מַאן נוּשְׁט אָן רוּפְן • עֶר גֵייט זוּךְ זַיין וֶועגְס • או
זָאגְט עֶס זֶענְן דָא גְרֶעסְרִי לַייט פוּן מִיר • לָאז
זַיי טוּאִין ווִי זֵיי גִפֶעלְט • אָבֶּר דוּ נִידְרִיגִי מֶענְשׁ
זֶענְן דוּ גְרֶעסְטִי שְׁרַייאֶרְס • זֵיי מַאכְן אָן דֶען
גְרֶעסְטְן מַחְלוֹקֶת • אוּנ אַז דֶר בִּידְנִי רָב אָדֶר דֶ
פָּארְשְׁטֶעהֶר וִויל וַוייטֶר בְּלַייבְּן • מוּז עֶר זוּךְ בֵּי
דוּ נִידְרִיגִי לֵיידַאקִים מַכְנִיעַ זַיין • אַז זֵייא זָאל
שְׁטִיל וֶוערן :

חֲמוֹר אֲפִילוּ בִּתְקוּפַת תַּמּוּז קְרִירָא לֵיהּ
(שבת נ"ג א')

דָעם אֵייזֶל אוּז קַאלְט אַפִילוּ אוּנ דֶר גְרֶעסְנ
הִיץ • וָוארן עֶר הָאט קֵיין שֵׂכֶל נוּשְׁט דֶעמָאלְ
צוּ לִיגְן אוֹיף דֶר זִין • נָאר עֶר לֵייגְט זוּךְ א
שׁאטן

שָׁאטן אָדֶר אִין אַקאלְטןקֶעלר׃ דֶר נַאר ווַייסְט נוּשְׁט צוּ בַנוּצן דִיא צַייט. אַפִּילוּ עֶס טְרֶעפְט זוּךְ אוּהֶם דָאס גְרֶעסְטִי גְלִיק, עֶר הָאט עֶס פַּאר דוּ אוּיגְן. הָאט עֶר קֵיין שֵׂכֶל נוּשְׁט עֶר זָאל עֶס בַּנִיצְן׃

חַסְרֵיה לְגַנָב נַפְשָׁא לִשְׁלָמָא גְּנִיט (סנהדרין קג)

אַז דֶר גַנָב קָאן נוּשְׁט גַנְבְנִין ווִירְד עֶר אֵיין עֶרְלִיכֶר מַאן. אַז דוּ קֶענְסְט אֵיינֶם פַּר אַשְׁלֶעכְטן מֶענְשׁ. אוּנ אֵיינְמָאל ווַייזְט עֶר זוּךְ גוּט קֶעגְן דוּר. זָאלְסְטוּ אִיהֶם נִישְׁט גְלֵייבְּן. אוּנ דוּ מוּזְט פְּרִיבְּן פַּר וָואס עֶר אוּז פְּלִיצוּנְג גִיט גְוָוארן. וָוארְן מֵייסְטְנְס אִיז עֶר נָאר גִיט דֶעמָאלְט ווֶען עֶר קָאן דִיר קֵיין שְׁלֶעכְטְס נִישְׁט טוּאִין. לָאז עֶר אָבֶּר נָאר קֶענְן. ווֶעט עֶר ווִידֶר זַיין דֶער אֵייגְנֶר שְׁלֶעכְטֶר מֶענְטְשׁ אַזוֹ ווִיא עֶר אוּז תָּמִיד גְוֶועזְן׃

טַב לְבִישָׁא לָא תַּעֲבִיד וּבִישָׁא לָא יִמְטִי לָךְ

לך (מדרש ותנחומא) ·

טוה דעם שלעכטן קיין גוטס נישט ווערסטו קיין שלעכטס נישט האבן : מען מוז זיך שטארק היטן פאר דעם שלעכטן מענש · אונ מטאר איהם אפילו קיין גוטס נישט טואין · ווארן כל זמן דו בוזט פון אוהם פון ווייטן · לאזט ער דוך גיין אונ האט צו דיר קיין שליטה נישט · האסטו איהם אבער איין איינציג מאל אטובה גטואין · אוז ער שון מוט דיר אמחותן אונ ער ווערט דור אלרלייא שלעכטס טואון : קומט צו דיר אמסור אונ מאכט דור אמורא אז ער ווערט דוך מסרן · גיב איהם אפאר פעטש אונ ווארף איהם ארויס ווערסטו שון פון איהם רוה האבן · ווייזטו איהם אבער אוועג פון געבן · ווערט ער זיך פון דיר נישט אפ טשעפן · ער ווערט צו דיר קומן אלי מאל אונ ווערט פון דיר בשטענדיג פרלאנגין געלד דו ווערסט דאך אבר נישט אין שטאנד זיין איהם

תמיד

תָּמִיד צוּ גֶעבְּן · דָארְךְ דֶם וֶועט עֶר דוּךְ עֶרְשְׁט
דֶר נָאךְ אִין אֱמֶת מַסְּרְן :
מִלָּה בְּסֶלַע מִשְׁתּוּקָא בִּתְרֵין (מגלה יח ח) ·

דָאס וָוארְט אִיז וֶוערְט אַיין גוּלְדְן ·
אָבֶּר דָאס שְׁווַייגְן אִיז וֶוערְט צְוֵוייא גוּלְדֶן · דָם
שְׁוַוייגְן אִיז תָּמִיד בֶּעסֶר פוּן דֶעם רֶעדְן · אֵיין
אֵיינְצִיג וָוארְט קָאן אַמָאל דֶעם מֶענְשׁ דָאס
גְרֶעסְטִי אוּמְגְלִיק בְּרֶענְגְן · אָבֶּר דָאס שְׁוַויינְן קָאן
קֵיינְמָאל נִישְׁט שַׁאטְן ·
מֶלַח מָמוֹן חָסֵר (כתובות ס״ו ב) ·

זַאלְץ צוּ גֶעלְד פֶעהְלְט : דָאס זַאלְץ אִיז
דָאס בֶּעסְטִי מִיטֶל צוּ אִיטְלִכְן עֶסְן וַוארְג עֶס זָאל
לַאנְג דוֹיאֶרְן · אַז מֶען וִויל בְּהַאלְטְן פְלֵייש
אָדֶר פִישׁ זַאלְצְט מֶען עֶס אַיין · וִוירְד עֶס נוּט
קַאלְיֶע · אָבֶּר צוּ גֶעלְד אִיז נִישְׁט דָא קֵיין זַאלְץ
דָם הֵייסְט עֶס אִיז גָר קֵיין אֵיינְצִיג מִיטֶל נִישְׁט דָא
צוּ

צוּ דֶעם גֶעלְד אַז עֶס זָאל לַאנְג דוֹיאֶרְן ׃ אוּנ אֲפִילוּ דֶר גְרֶעסְטֶר עוֹשֶׁר אִיז נִישְׁט זֶעכֶר אַז דָס גֶלְד זָל זִיךְ בַּיי אִיהְם נוּשְׁט אוֹיסלָאזְן אוּנ עֶר-זָאל אָרוּם וֶוערְן ׃ אִיבֶּר דֶעם טָאר זִיךְ קַיינֶר נִישְׁט גְרוֹס הַאלְטְן מִיט זַיין עֲשִׁירוּת ׳ וָוארְן עֶר קָאן נִישְׁט וִויסֶן וָואס שְׁפֶּעטֶר וֶועט זִיךְ טוּאִין ׃

מִמָּאֲרֵי רַשְׁוָתָךְ פָּארִי אֶפְרַע (ב״ק מ״ז א׳)

פוּן דַיין בַּעַל חוֹב לָאז דִיךְ בַּצָאהְלֶן מִיט קְלַייאֶן ׃ אַז אֵיינֶר אִיז דִיר שׁוּלְדִיג גֶעלְד ׃ אִיז בֶּעסֶר דוּא זָאלְסְט בַּיי אִיהְם נֶעמְן דוּא אַרְגֶסְטִי סְחוֹרָה פַר דֶעם חוֹב ׃ אֵיידֶר דוּא זָאלְסְט דוּךְ מִיט אִיהְם לָאדְן ׃

מַה דְעָלָךְ סַנִי לְחַבְרָךְ לָא תַעֲבִיד (שבת לא ב׳)

וָוס דִיר נִישְׁט רֶעכְט אִיז ׃ דָס טוּה נִישְׁט דֶעם אַנְדֶרְן מֶענְשׁ ׃ אֵייגֶנְטְלִיךְ אִיז רֶעכְט אַזוֹי וִויא אִין דֶר תּוֹרָה שְׁטֵייט ׃ וְאָהַבְתָּ לְרֵעֲךָ כָּמוֹךָ

דוּא

דוא זָאלְסְט איטְלִכן מֶענְשׁ אַזוֹ לִיבּ הָאבּן אַקָארַאט ווִי דִיךְ • עֶס זָאל קֵיין חִילוּק נִישְׁט זַיין צְווִישׁן דַיין גֶעלְד אוּנ זַיין גֶעלְד • אוּנ דוּ זָאלְסְט דִיךְ מִיט אִיהְם דֶעם לֶעצְטן בִּיסן טֵיילן • אָבֶּר צוּ דֶעם מוּז מֶען שׁוֹן זַיין אוֹיף אַגְרוֹסִי מַדְרֵגָה • אוּנ עֶס אוּז קוֹים דָא אֵיינֶר צְווִישְׁן צֶעהְן טוֹיזֶנְד עֶר זָאל דָאס קֶענֶן הַאלְטן • אִיבֶּר דֶעם הָאט דוּ גְמָרָא גְגֶעבּן אַלַייכְטֶרן כְּלַל • טוּה ווַיינִיגְסְטֶנס יֶענְם נִישְׁט אַזוֹנְס ווָס עֶס אִיז דִיר נִישְׁט לִיבּ • בַּיי אִיטְלִכֶר זַאךְ ווָאס דוּא טוּהְסְט אֵיין אַנְדֶרן מוּזְטוּ דִיר אִיבֶּרְלֵייגן • אוֹבּ עֶס וָואלְט דִיר רֶעכְט גְווֶעזְן • ווֶען יֶענֶר ווָאלְט דִיר אַזוֹ גְטוּאן • אוּנ ווִי בַּאלְד דוּ זֶעהְסְט אַז עֶס וָואלְט דִיר גָאר נִישְׁט לִיבּ גְוֶועזְן • טָארסְטוּ עֶס יֶענְם אוֹיךְ נִישְׁט טוּאִין • אַז דוּא פִיהְרְסְט דִיךְ אַזוֹ • קָאנסְטוּ קֵיינְמָאל קֵיין שְׁלֶעכְטְס נִישְׁט טוּאִין •

נכנס

דר מיט ארביטן איין טאג. דם ערשטן טאג האט
דר ערשטר חבר דעם פערד נישט גגעבן צו
עסן וואָרן ער האט גזאגט. עס וועט מארגן
האבן גנוג צו עסן ביי מיין חבר. דר אנדרר הט
איהם ווידר דעם אנדרן טאג נישט גגעבן צו
עסן. וואָרן ער האט גזאגט עס האט זיך שון
געכטן גנוג אן גגעסן. דעם דריטן טאג
האט איהם ווידר דר דריטר אויך נישט גגעבן צו
עסן. וואָרן ער האט גזאגט. עס האט גניג גגעסן
אין דיא צוויי טעג ביי מייני חברים. דארך דם
איז דאס פערד גפייגרט: אזו איז ביא אלי
חברותה זאכן. איינר פרלאזט זיך אויף דעם
אנדרן אונ דיא זאך גייט אין גאנצן צו גרונד:

---

תם